# אנטאלאָגיע

די אידישע דיכטונג
אין אמעריקא
ביז יאָהר 1919

צוזאמענגעשטעלט
פון זישע לאנדוי

באַצייערט פון ז. מאוד

פארלאג אידיש
תרע"ט ניו-יאָרק 1919

דיכטונג, די ראפינירסטע קונסט, ציהט צו זיך צו דעם פיינפיהלענדען גייסט און דעם אונענטוויקעלסטען, דעם ווייזען גרייז און דעם פארליעבטען יונגענמאן, וואס, ניט קענענדיג אפילו מיט ווערטער אויסדריקען זיינע געפיהלען, פרובט ער עס טאן אין פערזען און, שטענדיג, אהן אויסנאמען — אין גראמען. שרייענדיגע עפיטעטען, אונמעגליכע גוזמיות און איבערטרייבונגען כאראקטעריזירען די דאזיגע „דיכטונג", וואס איז, אין תוך, ליגנעריש ווי יעדע גייסטיגע ארבייט, צו וועלכער עס נעמען זיך מענשען, וואס זיינען ניט בארופען דערצו.

עס איז דערפאר פארשטענדליך, וואס אין די קינדער יאהרען פון דעם אידישען ישוב אין אמעריקא, וואס איז באשטאנען פון די דערשלאגענסטע, ארעמסטע און אונענטוויקעלטסטע מענשען מיט א צומיש פון צוקראכענע, סענטימענטאלע נאראדאוואלצעס און „זיי א איד אין דער היים און א מענש אין דער גאס" משכילים, האבען זיך פיעלע ניט בארופענע גענומען צו פערזען, אלס דעם פרימיטיווסטען מיטעל צו קענען אויסדריקען זייערע געפיהלען און העלפען „פארווערטס שטופען די פרייהייטס רעדער", ווי עס האט זיך אויסגעדריקט דער טיפישסטער פארשטעהער פון יענער צייט — דוד עדעלשטאדט.

סאציאלע האפנונג און ליידען, זיינען געווען דאס איינציגע, וואס האבען אין יענער צייט פארנומען די אידישע גאס און ערשט שפעטער, נאך א פערטעל יאהרהונדערט האבען זיך געלאזען הערען נאציאנאלע טענער. *ביז דעם אנפאנג פון אונזער יאהרהונדערט איז געוועזן א שאנדע צו שרייבען אנדערע לידער ווי סאציאלע.*

ווי ביי אלע אונענטוויקעלטע מענשען, זיינען ביי זיי אלע פּראָ־
בלעמען אזוי לייכט צו לעזען, אלע סאָציאַלע איבלען — ממש מיט
דער האַנט אוועקצומאַכען.

הערט זיך צו, וואס איך וועל זאָגען,
אויב איהר ווילט קיין קייטען טראָגען,
קומט אין אונזער פאַלק.
וואס מיר ווילען, איז ניט פיעל בריינען
און פון שקלאַפען יאָך באפרייען
דאס אונטערגעדריקטע פאַלק.

דוד עדעלשטאַדט.

די, אויף וועמעס באָרד מען האט זיך געלערנט שערען זיינען
ניט געוועזן אזוי פיין פיהלענד און נאך באהבה זיך צוגעהערט צו די
דאָזיגע „דיכטער", וואס זיינען אפשר אין יאָהרען געוועזן אוועקגע־
גאַנגען פון דער קינדהייט, אָבער וועלכע זיינען נאך גייסטיג דאָרט
געבליבען. מיט דער צייט ווערט די ארבייט מעהר ספּעציאַליזירט,
כאָטש דער קוק אויף'ן לעבען בלייבט דער זעלבער. דעם אויבען־אָן
פאַרנעמען פריהער דוד עדעלשטאַדט און שפּעטער ראָזענפעלד. די
ווירקונג פונ'ם ערשטען איז ווייט אריבער זיין אנארכיסטישען קרייז
און אויך איבער די גרעניצען פון אמעריקא. זיינע ליעדער האָבען
געפונען אַן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון די אידישע ארבייטער מאַ־
סען פון דער אַלטער וועלט. און דער רוהם פון מאָריס ראָזענפעלד
גרייכט ווייט איבער די גרעניצען פון זיין אייגען פאַלק, — ער איז
איבערזעצט געוואָרען אין די מעהרסטע שפּראַכען פון אייראָפּאַ.

עדעלשטאַדט שטאַרבט אין אָנפאַנג פון די נײַנציגער יאָהרען פון
לעצטען יאָהרהונדערט. מיט איהם איז אָפּגעשטאָרבען דאס אונ־
באהאָלפענע, נאַאיווע, וואס האָט באַצייכענט די ערשטע טריט פון
דער אידישער דיכטונג אין אמעריקא. מיט'ן בלוט פונ'ם הארצען
האָט ער זיינע קינדישע פערזען געשריבען, מיט אויפריכטיגקייט
וועהען זיינע שורות; אָבער, אויב אויפריכטיגקייט איז אַ נויט־
ווענדיגקייט פאַר אַ טאַלאַנט, איז עס אָבער אַן איבעריגער באַלאַסט,

פאר א מענשען, וואס פארנעמט זיך מיט ליטעראטור און וועלכער האט קיין טאלאנט נים.

אין די יאהרען האט שוין מאריס ראזענפעלד געלאזט זיך פיה־לען. אין די ענדע פון די אכציגער יאהרען זיינען שוין געווען פון איהם ערשינען צוויי קליינע זאמלונגען ליעדער. ער איז שוין פריי פון יענער נאאיוויטעט, וואס כאראקטעריזירט ערעלשטאדט׳ען. א פעהיגער, גוטער בעל מלאכה ווארפט ער זיך אויף אלע זייטען. פאר איהם זיינען שוין סאציאלע איבלען, און שפעטער נאציאנאלע ליידען און האפנונגען, ניט עפעס פערזענליכעס — ווי פאר ערעל־שטאדט׳ען — נאר טעמעס. אנטי־סאציאל איז תוך, ווערט ער א דיכטער פון סאציאלע ליידען און האפנונגען. און אין דער זעלבער צייט, ווען ער באזינגט און דעקלאמירט וועגען דער אייביגקייט פון אידישען פאלק און צולאזט זיך מיט מעלאדראמאטישען פאטאס. וואס איז אזוי אייגען פאר איהם, וועגען דער שענהייט פון דער אידישער שפראך, באצייכנענדיג זי אלס זיין „בעסטען חלק, וואס איז איהם ליעב און הייליג", קלאגט ער אויף דעם, וואס אידען אמע־ריקאניזירען זיך ניט און וואס זיי ריידען אידיש און ניט דעם לשון המדינה — ענגליש.

א לייכטע באקאנטשאפט מיט מאריס ראזענפעלד׳ס ליעדער־וויזען זיין אנטי־סאציאלען כאראקטער, ניט קוקענדיג, וואס ער האט אזויפיעל אויף די טעמען געשריבען. אז די אלע „שטארקע" ווער־טער, וואס ער באנוצעט אין זיינע סאציאלע ליעדער, זיינען ניט מעהר ווי ווערטער, באווייזט דאס, וואס, ווען ער קומט צו סוביעק־טיווער ליריק האט ער בלויז טרערען, טרערען און נאך אמאל טרע־רען. און עס איז אונמעגליך צו גלויבען, אז דער דאזיגער מענש, וואס האלט זיך אין איין ווייקען אין טרערען, זאל באמת פארמאגען אזא קראפט. עס איז אבער ניט קיין קראפט, עס איז בלויז פאזע, און ניט פערזענליכע, נאר די פאזע פון דער צייט.

נאך וואס: פאר א דיכטער מיט א חוש פאר סאציאלען לעבען, זיינען געזעלשאפטליכע טעמען דאס זעלבע פאר איהם, ווי, לאמיר זאגען, ליעבע. ווי באזינגט א דיכטער די ליעבע? — ער ליעבט.

ער האָט געליעבט אָבער קיינמאָל ניט, אַז ער וועט ליעבען, אַז ער קלייבט זיך צו ליעבען, אַז ער איז זיך מכין צו ליעבען. הונדערטער דעמאָנסטראַציעס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען, מען האָט גע־סטרייקט, זיי, אָבער, האָט קיין מאָל מאָרים ראָזענפעלד ניט באַ־מערקט, ניט באַזונגען. — ער האָט בלויז אויפגעפאָדערט דעם עולם צו סטרייקען, צו דעמאָנסטרירען, צו רעוואָלטירען. ער איז געווען דער קאַלטער גלאָק און ניט קיין לעבעדיגער אַנטיילנעמער.

און ריידענדיג וועגען מאָרים ראָזענפעלד'ן, מיין איך ניט בלויז איהם, נאָר אויך אַלע זיינע צייט גענאָסען, פון וועלכע ער און באָוו־שאָווער זיינען די וויכטיגסטע.

און ווי קאָמיש עס זאָל ניט קלינגען, איז עס פאָרט אַ אמת: מיר האָבען קיין סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע דיכטונג ניט, אויסער קליי־נע אויסנאַמען און דאָס, אַם מייסטען, פון די לעצטע יאָהרען. וואָס עס איז יאָ געווען, איז אַט וואָס: די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען האָבען ביי זיך געהאַט גראַמען דעפּאַרטאַמענטען.

אַן אויסנאָם איז געווען אברהם ליעסין. ער איז אָהער געקומען אין מיטען פון די נײַנציגער יאָהרען. דער סאָציאַליזם איז געווען באַר איהם מעהר ווי אַ טעמא, וואָס פּאַסט, אַז אַ גענאָסע זאָל זיך דערמיט פאַרנעמען. דאָס איז געווען זיין גלויבען, זיין אידעאַל. אין דעם איז ער געווען עהנליך אויף דוד עדעלשטאַדט'ען, מיט'ן אונ־טערשיעד, וואָס ער איז געווען אַלזייטיגער, טיפער און דער עיקר — געהאַט מעהר טאַלאַנט. צוזאַמען מיט דעם, ווי די באַוועגונג איז אַרויסגעקראָכען פון די קינדער־שיכלאַך, האָט ער אַלץ זעלטענער און זעלטענער גענוצט די פערזען פאָרם.

* * *

די געשיכטע פון דער אידישער דיכטונג ביז'ן אָנפאַנג פון היינ־טיגען יאָהרהונדערט, איז אייגענטליך די געשיכטע פון אַן עפּיזאָד אין דער אַרבייטער באַוועגונג. די אַלע דיכטער פון דער ערשטער פּעריאָדע, ניט קוקענדיג, וואָס זיי האָבען אויך געשריבען אויף סוב־

יעקטיווע טעמען זיינען א טייל פון דער ארבייטער באוועגונג שוין פשוט דערפאר, וואס זייער גאנצע ענערגיע איז געגאנגען נאך איה־רע דירעקטיווען, און וואס די ארבייטער־מאסען זיינען געווען זייע־רע איינציגע לעזער און אונטערשטיצער. די אידישע בירגערליכע וועלט איז געווען פארנומען מיט ארויפארבייטען זיך און אין איהר עצם — אסימילאטאריש.

אין דעם אנפאנג פון דעם היינטיגען יאהרהונדערט האט די דא־זיגע פאעזיע דערגרייכט איהר העכסטען פונקט אבער אין דער זעל־בער צייט האבען זיך גענומען באווייזען נייע פנים'ער, וואס האָ־בען פאראויסגעזאגט נייע צייטען.

יהואש, וואס האט א לאנגע צייט געשוויגען, האט זיך גענומען עפטער און עפטער באווייזען. ער האט צוגעצויגען צו זיך אלץ מעהר אויפמערקזאמקייט פון דעם באלעבאטישערען קלאס לעזער, וואס האט זיך אנגעהויבען צו ענטוויקלען דא, און פון די ארי־בערגעקומענע, וואס זיינען געווען אנגעהויכט פון דער אידישער לי־טעראטור אין רוסלאנד. ראזענפעלד'ס וואולגאריטעט האט אלץ מעהר אנגעהויבען אפצושטויסען פון זיך. די אידישע דיכטונג האט אנגעהויבען ווערען ניט קיין מיטעל, נאר א ציעל פאר זיך. עס האבען זיך גענומען הערען נייע טענער, מען האט זיך מיט מעהר אכטונג אנגעהויבען צו באציהען צו דער אידישער שפראך. עס האבען זיך אנגעהויבען בעווייזען סמנים פון נייע פארמען. יואל סלאנים, האט מיט זיך געבראכט עפעס נייעס, עפעס א נייערען טאן, אבער דאס איז געווען בלויז אויסעריליכעס, ניט ארגאנישעס. קיינ־מאל האבען זיך ניט באוויזען אזויפיעל דיכטער, קיינמאל האט מען ניט געשריבען אזויפיעל ליעדער ווי אין די יאהרען 1900 — 1906. דאס כאראקטעריסטישסטע פון די אלע דיכטער איז געווען, וואס זיי האבען זיך אויסגעלערנט, אין פארגלייך מיט די פריהערדיגע יאה־רען, צו שרייבען גלאט. עס האט זיך געפיהלט, אז עס איז אן איבערגאנגס צייט. דער כאראקטעריסטישער פארשטעהער פון יע־נער איבערגאנגס־צייט איז ה. רויזענבלאט, א פנים־לאזער פערזען־מאכער.

יהואש'ס נאמען האלט דערווייל אין איין וואקסען. אויב ראַ־
זענפעלד איז געווען דער דיכטער פון די עמיגראַנטען פון די אכציי־
גער און די שפּעטערע יאהרען פון לעצטען יאהרהונדערט, ווערט
יהואש דער דיכטער פון דער ענטוויקעלטערער, נאַציאָנאַלערער אי־
דישער יוגענד, וואס האט אנגעהויבען אריינצוואוואנדערען נאָך „קי־
שינאוו". געלאַסענער, קעלטער, אנשטענדיגער, פאראנטווארטליכער
פון ראזענפעלד'ן, אבער מיט א באַשריינקטען טאַלאנט, באַציהט ער
זיך מיט ווירדע צו זיין באַרוף. ער איז דער אנזאַג אויף ל י ט ע ־
ר א ט ו ר.

דאָך אין דער צייט, ווען יהואש האלט אין איין וואַקסען, געהט
ער אבער פאַרביי אהן וועלכער ניט איז ווירקונג אויף דעם אינגע־
רען דור שריפטשטעלער, וועלכע האבען נאָך א פּאר יאהר אַרומ־
בלאנזשען זיך גענומען גרופּירען, אַרויסגעבען זאַמעלביכלעך און
ביכער און וועלכע זיינען שפּעטער באַקאנט געווארען אונטער'ן נאָ־
מען די „יונגע".

ניט קיין שולע, ניט קיין ריכטונג האט צוזאַמענגעבונדען די
אלע, וואס האבען זיך גרופּירט אַרום די זאַמעלביכער. זייער ציעל
איז געווען: די דיכטונג אַן און פאר זיך. און ווען זיי האבען מיט
געמיינזאַמע קרעפטען, נאָך א פּאר יאהר פון קעמפען און אויסגע־
לאַכט ווערען, דערפיהרט די אידישע דיכטונג צו א מדרגה, און
דער עיקר זיך — צו דיכטער, איז זיך יעדער אַוועקגעגאַנגען זיין וועג,
און יעדער פון זיי באזונדער טראָגט צו ז י י ן חלק צו דער אידי־
שער דיכטונג ווי עס טוען די וואס זיינען נאָך זיי געקומען. יעדער
לויט זיין טאלאנט און זיין טעמפּעראַמענט. זיי האבען געגעבען
דער אידישער דיכטונג א פּנים, זיי האבען זי ברייט געמאַכט, וואָרים
ניט פאַרשמעלערען, נאָר ברייטער צו מאַכען די אידישע דיכטונג
איז געווען אין דעם עצם פון זייער ערשיינונג.

* * *

איך האב זיך באַמיהט — און לויט די אומשטענדען איז עס מיר
מעהר אדער ווייניגער געלונגען — צו געבען אין אַט דער זאַמלונג
א בילד פון דער אידישער דיכטונג אין אַמעריקא; א בילד פון דעם,

וואס אן אפגעריסענער טייל פון אידישען פאלק האט באשאפען אין א משך פון א פערציג יאהר אין זיין ניי געווארענער היים.

איך האב ניט געקוקט אויף פאפולאריטעט, בארימטקייט. איז דאך, נאך אלעמען, טיראזש ניט קיין צייכען פון טאלאנט. זאל זיך פרעהען דער פארלעגער, ווען זיינס אן אויסגאבע צוגעהט זיך גוט. און די מיינונג פון א קריטיקער איז גאר גישט ניט ווערט, אויב דער דיכטער, וואס ווערט פון איהם געלויבט, געהט פארביי ניט איבער־לאזענדיג קיין איינפלוס אויף זיינע צייטגענאסען און דער עיקר אויף דעם קומענדען דור דיכטער.

איך בין ניט צוגעגאנגען צו מיין ארבייט פון היסטארישען שטאנדפונקט, שוין פשוט דערפאר, וואס דרייסיג יאהר זיינען ניט קיין היסטאריע, ווען אפילו פיעלעס, וואס איז דורך דער צייט געטאן געווארען, מעג שוין איצט זיין היסטאריש. עס איז אין בעסטען פאל אן עפיזאד.

מיר האט זיך אויך אויסגעדאכט, אז צוגעהן צו מענשען, וואס האלטען אין מיטען פון זייער טעטיגקייט פון היסטארישען שטאנד־פונקט, איז א באליידיגונג — זיינען דאך די, וואס האבען געלייגט, אדער געהאלפען לייגען די ווינקעל שטיינער פון דער אידישער דיכ־טונג אין אמעריקא, מענשען אין די בליהענדסטע יאהרען. זיי שרייבען איצט פיעל בעסער — אלענפאלס ניט ערגער — ווי אמאל. דאס, וואס זיי געהען איצט פארביי אונבאמערקט, באווייזט בלויז, ווי דין עס איז געוועזן דער געשמאק פון זייערע לעזער און קריטיקער, וואס האבען שיער ניט פאר זשעניען פארשריען מענשען, וואס מען קען ביים בעסטען ווילען, ניט אפזאגען געוויסע פעהיגקייטען.

איך האב געזוכט אין דער אידישער דיכטונג, צו אלעם ער־שטען, דאס לעבעדיגע אונמיטעלבארע ווארט. איך האב געעפענט ברייט מיין אנטאלאגיע פאר יעדער ריכטונג, שולע, באוועגונג, וועלכע זיינען, אגב, ביי אונז ניטא, ווי ביי יעדער ליטעראטור, וואס האלט זיך ערשט אין ענטוויקלען. און האב געגעבען פלאץ פאר ליעדער, וואס זיינען געשריבען אין א מאדערנער פארם און אין דער זעלבער צייט געזוכט אזוינע, וואס האבען כאטש שוואך דערמאנט

די אַלטע מייסטערס פון דער דיכטונג.

ווי לייכט איז עס געוועזן אַריינגענומען צו ווערען אין דער אַנ־טאָלאָגיע! פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס עס ווערט געשריבען אידיש אין אַמעריקאַ, האָבען זיך קוים עפּעס מעהר ווי הונדערט מענשען פאַרנומען מיט שרייבען פּערזען. אַ גרויסער טייל פון זיי, האָט אַליין געקוקט אויף דעם ווי אויף אַ צייט פאַרטרייב, אַנדערע זיינען פאַר־געסען געוואָרען צוזאַמען מיט'ן טאָג, ווען זייערע פּערזען זיינען ערשיענען, — דאָך האָב איך אַנגעקליבען קנאַפּע דרייסיג נעמען: ווען מען האָט אין זינען, אַז אין שפּראַכען וואו טויזענדער פאַרנע־מען זיך מיט ליעדער געהען אין אַנטאָלאָגיעס געוועהנליך ניט אַריין מעהר ווי אַ פּאָר צעהנדליג, קען מען ערשט זעהן, ווי ווייניג עס האָט זיך געפאָדערט אַריינגענומען צו ווערען.

די וואָס זיינען ניט אַריינגענומען געוואָרען, האָבען ניט געהאַט פאַרוואָס אַריינגענומען צו ווערען. מעגליך, אַז איך בין צו פיעלע געוועזן לפנים משורת הדין, אָבער אונגערעכט צו קיינעם ניט.

* * *

עס איז נאָר דאָ איין אידישע דיכטונג. צוליעב טעכנישע אור־זאַכען האָב איך זיך אָפּגעשטעלט — אויף דערווייל — אויף אַמע־ריקאַ. די אידישע דיכטונג איז מייסטענס צעוואָרפען אין צייט־שריפטען און שווער איז זי צוזאַמענצוקלייבען פון דער ווייטענס.

עס איז ניט געוועזן אַזוי לייכט צו באַשטימען, ווער עס דאַרף יאָ און ווער ניט אַריינגעהן „אין דער אידישער דיכטונג פון אַמע־ריקאַ". פיעלע וואָס האָבען אָנגעהויבען זייער ליטעראַרישע טע־טיגקייט אין אַנדערע לענדער זיינען אַהער געקומען. אָבער ניט אַלע קענען צוגערעכענט ווערען צו אַ מ ע ר י ק אַ. איך האָב דער־פאַר אַריינגענומען בלויז אַזעלכע, וואָס זייער פיזיאָנאָמיע האָט זיך ערשט דאָ אַנטוויקעלט און אויסגעלאָזען די, וואָס זיינען אָנגעקומען אַהער מיט אַ פאַרטיגער ליטעראַרישער פיזיאָנאָמיע.

**ז. ל.**

מאַי, 1919.

אויערבאַך: אפֿרים
אײַזלאַנד ראובן
אל גוריך
אפֿראנעל



# אפרים אויערבאך:

## צווישן בערג.

שמאלע שטעגלעך צווישן פעלזן
און די בערג אלץ העכער שטייגן,
ווילדע גראזן, קליינע ביימער,
זון און דארע צווייגן.

בריהט די זון און בריהען שטיינער,
ווערט אלץ הייסער, ווערט מען מידער,
זוכט מען שאטן, רוהט מען ערגעץ
געהט מען, געהט מען ווידער...

קומט פון ערגעץ אנ׳אראבין,
אויף דעם קאפ — א גרויסע דזשארע,
בעט מען וואסער: — „עה, חאוואדזשע,
פי מאסארי?...

שמאלע שטעגלעך צווישן פעלזן
און די בערג אלץ העכער שטייגן,
ווילדע גראזן, קליינע ביימער,
זון און דארע צווייגן...

# אויף די גליל'ער וויסטע וועגן...

אויף גליל'ער וויסטע וועגן,
בעדואינער שבטים וואגלען ;
עסען זיי פון פעלד די גראזען,
טרינקען וואסער פון די לאגלען.

ווען עס פאשען אפ די סטאדעס
אויף א בארג די גרויע גראזען,
דארף מען ביידלעך נאר צונעמען
און אין וועג אריין זיך לאזען.

ציהען לאנגע קאראוואנען
יאהר נאך יאהרען אויף די וועגען,
ברענט די הייסע זון דאס פנים,
וואשט דאס לייב דער קאלטער רעגען.

און זיין פורפורנע פארנאכטען
זיינען רויט די בערג געצונדען,
און עס דוכט זיך, אז פון ערגעץ
טריפט דאס בלוט פון טויזענד וואונדען.

שפרייטען זיי די שווערע מאנטלען,
בויגען זיך פאר גאט און קניהען
און, צו מערב די געזיכטער,
ברענען פייערדיג און גליהען.

קלאפּען זיי די ברוינע שטערענס
און די אנגעגליהטע שטיינער,
ביז די זון ווערט ניט פערשוואונדען
ריהרט זיך פון זיין ארט ניט קיינער...

## ציהט א קאראוואן קעמלען.

ציהט א קאראוואן פון קעמלען
אויף דעם וועג פון ים המלח,
שטומע, שטרענגע בעדואינער
געהען נאך פאמעליך.

און די קעמלען — אהן די גלעקער,
ס'קענען הערען די חאיאלען,
ס'איז דאס זאלץ פון ים גע'גנב'עט,
קען מען זיי בעפאלען...

וויל ווער מיט'ן צווייטען ריידען,
מוזען זיי זיך שטומע סוד'ען,
און די זעקלעך אויף די קעמלען
הוידען זיך און הוידען...

## שטעהט אן אלטער בוים...

שטעהט אן אלטער בוים. צואוואקסען
זיינען זיינע קרומע צווייגען.
זיצען דארטען די אראבער
אנגעשפארט ביים בוים און שווייגען.

ווער עס זופט זיין שווארצע קאווע,
זופט און רויכערט זיין נארגילע,
ווער עס קלאפט אן דער ערד זיין שטערען,
קלאפט און ברעננט פאר גאט זיין תפלה.

ווערט דער אווענד טונקלער, קיהלער
און א ווינד קומט אן פון צפון,
הויקערט מען זיך איין אין דרייען,
נעהט מען אין די שטיבלער שלאפען.

# ראובן אייזלאנד

## די גאס איז שוואך באלויכטעט...

די גאס איז שוואך באלויכטעט,
און מענשען געהן ניט פיעל.
פאר די וואס געהן אין גאס נאך,
איז נעהן אין גאס דער ציעל.

איך שטעה ביים פענסטער נאקעט,
און ווייס ניט, וואס מיר איז.
איך קיהל אין שויב דעם שטערען
און ס'ציטערען מיר די פיס.

## וואס איז דען נאך...

וואס איז דען נאך פארבליבען אונז פון לעבען? —
א שטילער שרעק, א בענקשאפט אין די אויגען.
און פון דער בענקשאפט — בלויז א שוואכער ציטער,
וואס איז מיט ווייסע נעבלען ווי פארצויגען.

ווי קליינע קינדער זיצען מיר ביי טאָג און וואַרטען,
אַז עמיצער זאָל אונז וואָס עפּעס געבען.
ביי נאַכט מיר האָרכען נאָר ווי שטיל עס געהט דער אָטעם,
און ציטערען פאַר אונזער שטיקעל לעבען.

און ווען ס'באַווייזט אַ שטראַל זיך אין'ם פענסטער,
דאַן וואַרעמען די רוקענס מיר, ווי קליינע קעצלאַך, שטילע.
און פאַלט דער אָווענד צו, פאַרקלייבט מען זיך אין ווינקעל,
ווי שרעקענדיגע קליינע קעצלאַך שטילע.

## פון ווייטענס קלינגען נאָך די טריט...

פון ווייטענס קלינגען נאָך די טריט פון מיינע נאָהענטע חברים.
איך קעהר זיך אום אין שטוב און לאָז די פינסטערניש פון הינטען,
און פאַר מיין אויג זיך שפּיעלט דער שוואַכער שיין פון ליכט,
וואָס ברענט דאָרט איינזאַם אין מיין שטילען צימער.

און אין'ם ווינקעל לויערט דאָרט דער אומעט.

און ווידער זיץ איך ביי מיין טיש אליין, און ביים דעם קליינעם פינגער.
דער טיש איז שוואַך באַלויכטען. פאַר זיך, ווי פּאַרלאַרען, ליגט מיין פען.
און קאַלט און שטום קוקט דורך דעם פענסטער אַלץ אין איינעם די לבנה.
און קאַלט און שאַרף דאָרט גרילצט דער היישעריק אין גראָז.

און אין'ם ווינקעל לויערט דאָרט דער אומעט.

עס עפּענט זיך די טיר. און זי, אין לייכטען מאַנטעל איינגעהילט,
קומט צו צו מיר און לייגט ארויף איהר האַנד מיר אויפ'ן שולטער,
און גלעט מיין קאָפּ און רעדט צו מיר אזעלכע גוטע ווערטער. —
נאָר דרויסען גרילצט און גרילצט דאָרט אלץ דער היישעריק.

און אינ'ם ווינקעל לויערט דאָרט דער אומעט.

## מיין בעט איז ברייט...

מיין בעט איז ברייט, גענוג פאר דרייענס וועגען,
און גרוים די שטוב, ווי נאָר ארומצופּאַהרען.
אין דרויסען גיסט פון מיטען טאָג א רעגען,
ליג איך אליין און פיהל זיך ווי פאַרלאָרען.

די גרויע וועגט באַהאַנגען מיט פּאָרטרעטען,
מיט מאַטען ליכט איז אלץ ארום באַגאָסען.
איז אומעטיג. און ס'פיהלט זיך ווי צו בעטען,
נאָר ס'האַרץ איז שטום, און ס'מויל איז צוגעשלאָסען.

## ביים ים.

דער ים א גלאַנציגער, א שטאָלענער,
וויגט רוהיג זיך אין שיין פון דער לבנה,
און קאַלטער, גרינער שיין ליגט אויף דער גאַנצער נענענד:

אין זאַמד פאַרשאָטען ליגט דער ברייטער וועג.

א קאַלטער ליגט דער ים,
א שטילער וועהט דער ווינד,
און קאַלט און שאַרף צוטראַגט זיך אומעטום
דער זשום פון ווייסען שוים,
וואס שלאָגט זיך אָן אַן ברעג.

אין זאמד פאַרשאָטען ליגט דער בריטער וועג.

פון וויטענס שטעהט א הויז אליין
און שווארצט זיך אין דער נאַכט אריין,
אין גאַנצען מיט זיין דאַך
און מיט זיין קרומליך צוגעשפיצטען שאָטען,
און מיט דעם אומעטיגען קוק
פון זיינע שווארצע פענסטער.

אין זאמד פאַרשאָטען ליגט ד׳ער בריטער וועג.

און בראָדזשענדיג אין זאמד געה איך אליין.
א לאַנגער געהט פאַראויס פאַר מיר מיין שאָטען,
און הינטער מיר דער שרעק פון מיינע טריט.

אין זאמד פאַרשאָטען ליגט דער בריטער וועג.

א שטילער וועהט דער ווינד,
א קאַלטער ליגט דער ים,

און אומעטיג פאַרבענקטע טרעטען
מיינע טריט אין זאמד.

## אין צווייטען צימער שלאָפען.

אין צווייטען צימער שלאָפען ווייב און קינדער.
א שטילע ווארימקייט וועהט איצט פון דאָרט ארויס.
א שווייגענדיגער דרעה איך זיך אַרום אין הויז,
עס איז די צייט מיין אייגענע אַצינדער.

דער קאָפּ ווערט לייכט און אין מיין הארצען שטילער.
דער זייגער בלויז ער קלאַפּט און לאָזט מיך ניט צו רוה.
געה איך אריין אין צווייטען צימער, שפּאַר זיך צו:
און ליג אזוי ביז ס'ווערט מיין הארץ אויך שטילער.

איך ציה דאָן אויס א האנד און לעג זי אונטער
צו קאָפּענס מיר, און טראַכט פון גאָר ניט שעה'ן לאַנג.
א ווײַלע שטיל, און דאן אַן אָפּגעהאַקט געזאַנג.
און נאָכדעם שלאָף איך איין און פיהל אין שלאָף זיך מונטער.

## די פישער שלעפּען שווערע נעצען...

די פישער שלעפּען שווערע נעצען פונ'ם ים.
די זון געהט אויף פון וואסער פייערדיג און גרויס.
צוויי מעוועס פליהען, שרייענדיג פון וואלד ארויס.
מיט שלאָף נאָך אין די טריט א מיידעל געהט צום ים.

די מעוועס שרייען ווילד און פליהען אין דער הויך.
עס שטעהט א שורה טריט אין גלאַנציג־פייכטען זאמד:
פון וואסער שטייגט ארויס א נאַסע, ווייסע האַנד.
די מעוועס שרייען ווילד און פליהען אין דער הויך.

## איבער אַלע דעכער.

איבער אַלע דעכער,
הענגט אַ שטילע נאַכט
אָנגעלעהנט ביים פענסטער
שטעהט מיין קינד פאַרטראַכט.

שטעלט זיך אויף די פינגער
קוקט און קוקט אַרויס,
זיין געזיכט ווערט בלאַסער,
און די אויגען גרויס.

זיינע בלאָנדע לאָקען,
קרייזלען זיך אין ווינד. —
ווייס איין גוטער גאָט נאָר,
וואָס עס זעהט מיין קינד.

## מיר זיינען ביידע אַלט...

מיר זיינען ביידע אַלט.
צוויי אַלטע לייט, מיט מאַטע, ווייכע אויגען.
ביים פענסטער זיצען מיר. דער טאָג איז שעהן. נאָר לייכט פערצווייגען
איז דער הימעל מיט דינע, ווייסע וואָלקענס.

זי זאָגט : העי, אַלטיטשקער, ס'ווערט קאַלט.
מאַך צו דעם פענסטער און טו זיך אָן דעם ווארימען כאַלאַט. —
איך זיץ און רויכער רוהיג מיר די ליולקע, לעז אַ בלאַט,
און טראַכט : ווי אייביג נאַריש בלייבען דאָס די פרויען.

דער זייגער קלינגט.
און זי, זי דרעהט זיך אום און קוקט זיך איין
מיט לאַנגע בליקען אין דעם ציפערבלאַט, ווי שפּעט ס'קען זיין,
כאַטש קלאָר און העל דער זייגער צעהלט די שעה'ן.

— שוין שפּעט אַזוי. ווי ס'לויפט דער טאָג
אַ ציה די שמאָלע אַקסלען, און ס'פאַלען מיעד די הענד אין שויס.
און מיר ווערט פּלוצים קאַלט, איך בויג דעם קאָפּ אַרויס,
און זעה ווי ס'רויטלען זיך די דינע, ווייסע וואָלקענס.
און כ'ווייס אַז ערגעץ לויערט שוין די נאַכט. — —

## וואָס דרעהט זיך אַלץ פאַר אונז...

וואָס דרעהט זיך אַלץ פאַר אונז דאָס קרענקליך בלאַסע מיידעל ?
און נאָר זי שפּיעלט זיך מיט דעם בענדעל אויף איהר פלאַכער ברוסט
און שמייכעלט אַזוי קרענקליך, מיד און האַרכט און היט
מיט איהרען הונגעריגען בליק יעדען ריהר,
אויף מיין און דיין געזיכט ?

וואָס דרעהט זיך אַלץ פאַר אונז דאָס קרענקליך בלאַסע מיידעל ?
און כאַפּט זי אויף אַ שאָטען פון אַ שטיל גערעדטען וואָרט,
צוקרימט איהר דינע ליפּ זיך אַזוי מאָדנע בייז און מיד,
און אָטעמט טיף און ענדיגט מיט אַ זיפץ,
ווי ס'וואָלט איהר עמיץ שטאַרבען ?

וואָס דרעהט זיך אַלץ פאַר אונז דאָס קרענקליך בלאַסע מיידעל ?...

## פון דרויסען שמעקט...

פון דרויסען שמעקט מיט פריש געשניטענע היי,
און דאָ איז קיהל און גוט צו זיצען,
אזוי ניט טראַכטענדיג צו זיצען.
די הענד פאַרלעגט, דעם קאָפּ אַ ביסעל אַנגעבויגען,
און מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגען,
זיך איינהערען ווי שטיל עס וויינט מיין הארץ אין מיר,
ווי גוט עס וויינט מיין האַרץ אין מיר,
אזוי זיך גלאַט עס וויינט.
שטיל און גוט.

## כ'ליג ביים ים...

כ'ליג ביים ים אַ שלעפּריג מידער, איינגעדעקט מיט זאַמד.
ס'געהען מענשען מיר צוקאָפּענס, ס'פאַלען אויף מיין האַנד
שאָטענס אומגעלומפּערט לאַנגע געהענדיג פאַראויס.
אין דער ווייט, ווי פון אַ נעבעל, קוקט אַ שיף אַרויס.

כ'ליג און מיינע אויגען־דעקלאַך ווערען מאָדנע שווער.
שלאָף איך איין ? צי בין איך וואַך נאָך. כ'ווייס דאָס שוין ניט מעהר.
כ'הער אַ שטים, וואָס רעדט פון ווייטענס. כ'הער דעם ים ביים ברעג.
און מיר דאַכט אַ שטילע כוואַליע טראָגט מיך וואו אַוועק.

## אזוי, אזוי, די יאָהרען געהען...

אזוי! אזוי! די יאָהרען געהען און איך ווער אַלט.
איך האָב דאָס היינט געפונען אויף אַ שער־בלאַט פון אַן אַלטען בוך,
אַז באַלד און איך וועל ווערען דרייסיג יאָהר.

איך ווינש מיר כ'וואָלט געווען שוין אַלט.
איך וואָלט מיר דאַן געקויפט אַ גראָבען שטעקען,
און אפשר גאָר אַ טאַבאַק־פושקעלע צום שמעקען,
און וואָלט ארויס אין גאַס, געזעצט זיך ביי דער טיר,
באַטראַכט אַ יעדען איינעם און געלאַכט אין מיר,
אויף אַלע די, וואָס יאָגען איילענדיג זיך פאַרביי
און האָבען גאָר קיין צייט ניט: אַ קוק, אַ לויף, אַ שפּיי,
און ווייטער זיך געיאָגט צו אַלדי גוטע יאָהר.

און אפשר גאָר,
וואָלט איך דאָס אויכעט ניט געטאָן.
נאָר כ'וואָלט זיך פּשוט גאַנץ אזוי געלאָסען,
געגאַנגען מיר שפּאַצירען אין די גאַסען,
די הענד פאַרלעגט אהינטער אויפ'ן רוקען,
אַ ביסעל איינגעבוקט. בנעימות'דיג גאָר קוקען,
ווי שטיל, געלאַסען, ס'טרעטען אויף די שטיינער,
מיינע אַלטע ביינער.
טראָט נאָך טראָט,
טראָט נאָך טראָט.

## אוי, גרויסער גאָט אין הימעל.

אוי, גרויסער גאָט אין הימעל,
שענק מיר רוה.
זאָל זיין אין זאַמד, זאָל זיין אין שטויב,
נאָר לאָמיך איינמאָל זיין שוין טויב
פאַר אַט דעם גאַנצען טומעל.

איך בין שוין מיד.
מיט לייב און לעבען מיד.
פון גרויע טעג, פון נאַרישׁ לאַנגע רייד,
פון פּוסטע תאוות, איינגערעדטער פרייד,
פון אַלצדינג, וואָס איך טראַכט און טו. —
אוי גרויסער גאָט אין הימעל,
שענק מיר רוה !...

# צבי גורין

## נאַכטליכע שעה'ן.

דו רויכערסט און וויגסט זיך אַ שטומער אין שטול,
ווען עפּעס פאַרוויגט זיך אין דיר אזוי זאַכט, —
די נאַכט קומט דאָך אָן.
דו קרייזעלסט דעם רויך און באַוואונדערסט ווי גוט
עס איז אינ'ם צימער. עס פליסט דורך דיין בלוט
פאַרגינונג און פרייד צו דער פרידליכער נאַכט.
צו די פאַרביגע נאַכטליכע שעה'ן.

דער טאָג איז אַ הארטער, אַ בייזער געווען,
דאָך לעסטער ניט איצט און זיי פרעהליך אַ מאָל,
די נאַכט קומט דאָך אָן : —
דער טאָג ברענגט באַגינען נאָר זאָרג צו דיין טיר,
פאַרלעשט זיך דער טאָג — ברענגט די נאַכט באַלד צו דיר,
אַ טיעף־בלויען הימעל און שטערען אָהן צאָהל,
און פאַרביגע נאַכטליכע שעה'ן.

## ביים טויט פון קינד.

### .1

### איך ווייס נים.

איך ווייס ניט ווי אזוי איך האָב צום בעט געטראָפעז,
איך פלעג ניט שלאָפענדיג דורכזיצען נאכט נאך נאכט,
און גראָד אין יענער חושכ׳דיגער, לעצטער נאכט,
ניט אויסגעטונערהייט א ווארף געטאָן זיך שלאָפען.
א זיסער שלאָף געווען, געמישט מיט פרייד און מיט געזאַנגען
ווי ס׳וואלט א חתונה אין הויז געוועזן ביי מיר:
איך האָב געטאַנצט, געלאַכט, ביז פּלוצים איבער מיר,
האט זיך דאס אַלץ צומישט מיט גרילצענדיגע קלאַנגען.
און אויף מיין קאָפּ האט עמיץ שרייענדיג געהאַמערט,
און מיך ביים האנד געשלעפּט, געוויזען מיר אויף וואס,
כ׳האָב זיך א ריס געטאָן — — זי, האט געטוליעט וואס
און אין דער מארגען־גרויקייט שטום אזוי געיאָמערט.

### .2

### מאָרגען־גרוי...

מאָרגען־גרוי איילט זיך אוועק מיט זיין רויב,
ערגעץ א פערדעל צום וואָגען שפּאַנט ווער,
נעהט אינ׳ם פעלד און באַצייכענט דעם טוי.
ביידע מיר וואַרטען צובראָכענע צוויי
און ווייגען ניט מעהר.
באַלד וועט זיך שטעלען דאס פוהרעל אין גאס,
ס׳הענגט דאַך אין פענסטער דער טאָג אזוי גרויס,
טראָג ניט קיין צער פאר זיין ליכטיגען שיין.

ווען ס'וועט זיך הערען א שטילער געוויין
ארום אונזער הויז.
ברייטליך וועט ווערען צועפענט די טיר,
רויש מיט געוויין וועט פול מאכען דאס הויז,
רופען וועט עמיץ און ווייזען דעם וועג,
שוויינענדיג וועלען מיר ערגעץ אוועק
און ס'פוהרעל פאראוים.

## שלאפען געהען.

איצט בין איך מיט מיין ליעבען, גוטען שלאף צוזאמען,
זעהט, מענשען — איהר פארשטעלטע און איהר אפענע שונאים,
איהר אלע, וואס פארגינט מיר ניט מיין רוה, מיין לעבען,
ווי ליכטיג ס'ברענט א פרייד איצט אויף מיין ברוינעם פנים,
ווען כ'גרייט מיר אט דאס קארג געלעגער צו, —
עס איז דער שלאף, וואס וועט מיר ברענגען רוה.

שלאף נעמט ארום מיט מוטער־פרייד מיין מידען קערפער,
(מיר פונ'ם געהן צווישען אייך אין הויז און גאסען)
און גלעט אזוי מיר אוים די מידע גלידער מיינע, —
איצט שפאסט פון מיר, איהר ווילט, קענט איהר מיך איצט אויך
האסען:
אט נעם איך און איך לעג זיך מיט מיין שלאף אין בעט
און ס'לייטערט זיך מיין בלוט אין זיסער רוה ביז שפעט.

## אין פינסטערע נעכט.

איך בלאנזשע אפט אין א לבנה'לאזער נאכט,
אין שטילע, פינסטערליכע נעכט
א שווייגענדיגער,
צוריקגערוקטער אין זיך...
איך בלאנזשע אין א לבנה'לאזער נאכט
שטיל שווייגענדיג, ווי דער באגעהר,
און א פארבליקטער, ווי די שנאה...

# [illegible]

## געץ פון געלען אר.

געץ פון געלען אַר —
קאַפּריזען יאַגען פון דיין נאַז !
עס הערט דער באַהנען קאַראַהאַר קיינמאָל ניט אויף,
נאַר שרומפּפּט בלויז איין נאַך האַלבע נאַכט. —
און רוקט זיך קוים אַ פרישער טאַג,
צעוואַקסט ער זיך אַ׳ן שפּרייט זיך אוים
און וואַרפּסט זיך —
ווי אַ קייט פון הונגער־ווילדע שלאַנגען,
דאַ — אויף דעבּ נאַקען פון דער שטאָדט,
באַלד אויף איהר ברוסט
און בויערט דורך איהר בויך. —
און רייסט,
און טראַגט זיך
אין די קאָנקריטען־גרויע, קאַבעל־ווייסע,
אייזען.האַמעטנע טונעלען,
איבער שאַכטען פון דער ערד !
און דער עלעקטראָ־שד בייטשט אָן און טרייבט
דעם שטאָלענעם געיעג פון רעדעריי !

# ב. י. בּיאַלאָסטאָצקי

## אין גאַס.

אויגען רויט, ציינער שוואַרץ, האָר צושויבערט און גרוי,
און די באַקען צולעכערט, אַזוי ווי אַ זיפּ;
שטעהט ער וואַקלענד ביים שענק, רעדט צו זיך אין דער שטיל
מיט אַ שמייכעל פאַרקרימט אויף זיין אונטערשטער ליפּ.

און דערביי אויפ'ן ראַג זיצט אַן אַלטיטשקע פרוי,
וואַרפט איהר עמיץ אַ סענט פאַר איהר קרומליכען פּוס.
ניט זי בעט, ניט זי דאַנקט — ס'טוט אַ ציטער איהר מויל,
און אַ פינטעל מיט אויגען פאַרקלעפּטע פון פלוס.

## אָרימע מענשען.

אָרימע מענשען — די קינדער פון פּראַצע,
קויטיגע פּנים'ער, בלאָטיגע פיס,
גליקליכע לעבּט איהר אַפּ אייערע יאָהרען, —
קויטיגע פּנים'ער, בלאָטיגע פיס.

גריבער צוגראבען און וועגען צואקערט,
פלייצעס געבויגען, געשוואָלענע הענד.
זונען פארגעהען און געהען אויף ווידער —
פלייצעס געבויגען, געשוואָלענע הענד:

רוהיגע שלאָפט איהר די נעכט, ווי גע'הרג'עט.
וואקסען אויס קינדער פון אונטער דער ערד.
בעטען די ווייבער: „אַ, ראטעווע, יעזוס!"
וואקסען אויס קינדער פון אונטער דער ערד.

העק אויף די אָרעמס, די דיכען פארגארטעלט,
קליידער פארלאָזען, אַ ריס אויף אַ ריס. —
אומגליקליך לעבט איהר אָפּ אייערע יאָהרען —
קויטיגע פנים'ער, בלאָטיגע פיס.

## אינגעלע ליעבער.

אַ שפּיז אין דער לופטען,
אַ שארף פון אַ שווערד, —
מיין קרוין ליגט פארבלוטינט,
פארבלוטיגט אויף דר'ערד.

— אינגעלע ליעבער,
קליינינקער מיין, —
דו וועסט שוין ניט זעהן מעהר
די ליכטיגע שיין...

אין רויך און אין פייער
ביזטו ניט אוועק.
א נוסס'ען האָט מען
געלאָזט דיך אין וועג.

א פערד איז געפלויגען —
דער פיינד האָט געזיינט —
און האָט מיט די פיס דיר
דיין הערצעל צודריקט.

— איינגעלע ליעבער,
קליינינקער מיין,
דו וועסט שוין ניט זעהן מעהר
די ליכטיגע שיין.

# א. בערגנער

## פאַר מיין איינזאַם פענסטער.

פאַר מיין איינזאַם פענסטער ברענט אַ גאַס־לאַמטערן,
ניסט זיך אין מיין צימער בלוי־ווייס צאַרטעס ליכט ;
צינד איך ניט קיין פייער, זיץ מיר שטיל אין וויג־שטול
און דאַס ליכט פון דרויסען פאַלט אויף מיין געזיכט.

חלומ׳ט מיר פון נאָרד־לאַנד. העלע נאַכט, פאַרטרוימטע.
ערגעץ אין דער ווייטקייט פאַכען פליגעל שטיל.
און פון שלאָף נעוועקטע פליהען ווילדע שוואַנען
און די נאַכט־לופט ציטערט און צעוויינט זיך קיהל.

חלומ׳ט מיך די נאַכט־זון פון דעם ים געבאָרען,
ווי אַ גייסט פון אַבגרונד שפּירט די געגענד אוים.
און די פיאָרדען דרעמלען, הילען זיך אין רויטקייט
און די שפּיצען־פעלזען שטרעקען רויט ארוים.

און אין אַ רינג פון ברעגען, ווי אין ריזען־בעכער,
פליסט דער שטראָם אין פינקעל, ברענט ווי רויטער וויין ;
צאַרטע הענט געהיימע וויגען שטיל מיין וויג־שטול
און חלומות שטילע הילען צאַרט מיך איין.

# הערמאן גאָלד

## געזועלען איך האָב איינמאָל גע'חֲלומ'ט...

געזועלען, איך האָב איינמאָל גע'חלומ'ט אַ חלום:
מיין הויז אַזוי גרויס, אַזוי שעהן און אָהן ווענד.
און אַזוי חלום איך נאָך איצט און ווייטער
און וויל לעבען אַ לעבען אַזוי ווי איך וויל,
אַ'ניט ווער איך ברוגז און וויל גאָרנישט קיין זאַך,
און איהר און די וועלט וועט זיך זיין אָהן מיר,
אייער טריט ניט גאַנץ און בליק ניט פול.
און די וועלט וועט זאָגען בייז און שטיל:—
עפּעס פעהלט.
איהר וועט זעהן, אייערע קליידער וועלען ניט ליגען ווי איהר ווילט,
און די גאַנצע וועלט וועט גאַנץ ניט זיין
אהן מיר.

## אויפ׳ן באַרג שטעהט אַ מיל...

אויפ׳ן בארג שטעהט א מיהל,
מאָלט זי שטענדיג קאָרן מעהל.
פאַהרען פוהרען בארג ארויף —
מיט מעהל.
פאַהרען פוהרען בארג אראָפּ —
מיט מעהל.

נאָר שבת און יום טוב שטעהט שטיל
די מיהל.
קומט א פויגעל פון וואַלד ארויס,
עפענט די פליגעל און שפרייט זיי אויס
איבער גאַנצען באַרג הויך און איבער דער גאַנצער
מיהל גרויס,
און רופט, און שרייט אויס —

— מיין מיהל! —
— מיין מיהל! —
— מיין מיהל! —
— מיין מיהל! —

הערען דאָס אַלע פייגעל אין וואַלד,
די חברים און פריינד, יונג און אַלט.
יע, זיי ווייסען דעם פויגעל,
יע, זיי קענען איהם לאַנג.
גלויבען זיי איהם און גלויבען זיין וואָרט,
און ציהען אין שורות אין לאַנגע צו איהם,
און קומען, און שטעלען זיך אויס ארום מיהל,
און מאכען א כאָר, און אזוי זינגען זיי: —

זיין מיהל! —
זיין מיהל!
זיין מיהל!
זיין מיהל!

נידערט אַרונטער דעמאָלט דער פויגעל,
דער רייכער פויגעל, דער גוטער פויגעל,
און איז זיי מכבד פון זיין גרייטער האנד,
פון זיינע זיסע, בעסטע, טרוקענע קערנער.
בענשען זיי איהם און בענשען זיין מיהל.
און פאַרברעננגען, און שפּרינגען, און זינגען זיך
פרעהליך.
ביז לאַנג נאָך דער נאַכט
און ווייט נאָך אין טאָג!

# א. מ. דילאן

## נאכט.

נאכט. ס׳קריכט די פינסטערניש אין צימער אום,
אט קומט זי צו צו מיר און שפרייט זיך ארום מיר.
איך פיהל זיך א געפאנגענער ביי איהר.
עס קלאפט מיין הארץ און ציטערט שווער
און א געשטאלט אין מיטען צימער שוועבט אריין
און פיאנא־קלאנגען, לייכט ווי זי,
הויבען זיך און לאזען זיך אראפ, ווי זי,
און פליהען ווייטער אום אהין, אהער.

און אט איז זי א שטילע קעגען מיר
מיט אויסגעשטרעקטע הענד.
לאנגזאם געהט זי אום און הויבט ארויף די הענד
און לאזט זיי לייכט אראב.
אט פליהט זי נאך די קלאנגען נאך
ווי יאגען וואלט זי זיך נאך זיי.
פליהט : און פליהענדיג
דרעהט זי א ווייסע רויז ארום איהר קאפ.

אַט שטרעקט זי אויס די האַנד צו מיר
און פיהרט איהר האַנד אויף מיין געזיכט אַרום און גלעט.
קראַנק בין איך און מיד פון מענשען.
שטאַרט און שטויב און רויך.
די קלאַנגען און די פינגער
גלעטען צאַרט מיין האַרץ
און איך טראַג זיך
מיט די קלאַנג און די פינגער אין דער הויך.

## אויף וועמעס מזל...

אויף וועמעס מזל קלאַגט אַזוי דער רעגען ?
אויף מיינעם אפשר קלאַגט אַזוי דער רעגען ?
אָדער אויפ'ן מזל פון אַ בלינדען, הויקער,
וואָס שלעפּט זיך ערגעץ אויף פאַרשטויבטע וועגען ?
צי אפשר אויפ'ן הונד, דעם גלגול פון די וועגען ?
אויף וועמעס מזל קלאַגט אַזוי דער רעגען ?

# ציליע דראָפּקין

## מיין ווייסע שניי פּרינצעסין

אַ, ווייסער גייסט,
פּרינצעסין מיינע!
דער פריהלינג רייסט און רייסט
אויף דיר די קליידער דיינע.

דער רוהם פון פריהלינג איז אין לופטען,
באקרוינט איז ער מיט בלומען,
ער טראָגט מיט זיך פּארפומען,
און פרישע פריהלינגס דופטען.

און ער וועט ברענגען דיר דיין טויט,
מיין ווייסע שניי־פּרינצעסין!
מיט שאָטענס איז דיין וועג צושפּרייט,
צוגעהסט און ווערסט פערגעסען.

מיין הארץ צורייסט אַ טיפער וועה
פאר דיר, מיין גייסט פון אומעט.
געה גיך אוועק, פּרינצעסין שניי,
דער פריהלינג זשומעט, זשומעט...

# כ׳האָב זיך געזעהן אין חלום...

כ׳האָב זיך געזעהען אין חלום
שטעהענדיג ביי׳ם פענסטער מיט אַן איינגעבויגטען קאָפּ
און קוקענדיג פון פינפטען שטאָק אַראָפּ.
איך האָב אויף עפּעס זיך פערטראַכט, אַן עפּעס זיך דערמאַנט.
און ס׳איז דער טראָטואַר געוועזען אַזוי נאָהנט, אַזוי נאָהנט...
עס האָט געקוקט אויף מיר דער טראָטואַר מיט מילדע גרויע אויגען
און האָט ווי אַרעמס ליעבע, ווי אַ ווייכע בעט צו זיך געצויגען...
דער טראָטואַר איז ווייך געווען אַזוי און נאָהנט,
אַז אויף מיין קינדיש בעטעל האָב איך זיך דערמאַנט,
מיר האָט זיך מיט אַמאָל פערוואָלט שלאָפען...
קען איך היינט אויף אַן אָפּרוה טאַקע האָפען?
איך האָב זיך מעהר און מעהרער איינגעבויגען
און צו מיין אָפּרוה ווי אַ פויגעל לייכט געפלויגען...

# מ. ל. האַלפּערן

## די שיף געהט אָפּ

דאָס טרייב־ראָד אין די וואַלען רוישט. די שיף געהט אָפּ.
איך קוק די מענשען אָן וואָס שטעהען נאָהנט ביים ברעג,
און פרעמד נעהמט אויף מיין הארץ דעם לעצטען גרוס פון זיי.
און רגע־ווייז פיהרט ווייטער אונז די שיף אוועק,

און קלענער ווערט דער ברעג און גרויער מעהר און מעהר
און רוישיג ציהט זיך נאָך דער שיף א ווייסער שוים.
ווי שוים צופליסט אין מיר דאָס גליק פון ליעבע איצט,
ווי שוים צופליסט אין מיר מיין הארצענס שעהנסטער טרוים.

איך קוק די געגענד אָן וואָס רינגעלט מיך ארום,
עס שפּרייט זיך אוים פאר מיר א ווייטע פרייע וועלט.
אין מערב־זייט די זון, אין מזרח־זייט א ברעג.
א מיילען לאַנגער ברעג מיט בארג און וואלד און פעלד.

און אָפּגעזונדערט שטעהט א ווילא דאָ און דאָרט
און אלע פענסטער קוקען פריי צום ים ארוים.
און דאָ אין מיטען ים באוועגט זיך אונזער שיף
און איבער אלץ שפּרייט פרידליך זיך דער אָוועגד אוים.

## אין קוני איילאַנד

משה־לייב, משה־לייב,
ס'איז ניט פון ציידען'ס פעלד דאָס שיקסעל, וואָס דו זעהסט
פון וואַנען דען? פון היע.
דאָס הייסט — א פויגעלע פון א בראָדוויייער נעסט
איז זי? — — —
קען זיין.

און אפשר גאָר
איז זי אזא וואָס טאַנצט די האנאלולו־טענץ
אין קוני איילאַנד דאָ.
און אלע נאַכט באַווארפט מען זי מיט גאָלד און קרענץ —
א יאָ? — — —
קען זיין.

און אפשר גאָר
האָט זי א מאַן א לאָרד, וואָס טראָגט א ווייסען באָרד,
און וואוינט אין א האָטעל,
וואו שטייף, ווי וואַקס־פיגורען, שטעהן די דינער דאָרט
ביים שוועל? — — —
קען זיין.

אויב יאָ אזוי,
פאַר־וואָס־זשע קומט דער לאָרד ניט אויך אהער צוגעהן,
פאַרוואָס? וואו איז ער, וואו?
צי איז ער אויך אליין, משה־לייב? אזוי אליין
ווי דו? — — —
קען זיין.

# והיה באחרית הימים.

און ברענגען וועט פרידען און רוה פאַר דער ערד
אַ קעניג, וואָס קומט אויף אַ שניי־ווייסען פערד.
צי דאָס איז אַ בענשונג, צי דאָס איז אַ פלוך —
אַזוי שטעהט געשריבען אין הייליגען בוך.
— והיה באחרית הימים.

נעגליהט האָבען שטערען און בלומען געבליהט,
געזונגען אין וואלד האָט דער פויגעל זיין ליעד,
געוואַרט האָט דאָס לעבען אנ'איבּיגקייט לאַנג
דעם קעניג אַנטקעגען צוגעהן אויף זיין גאַנג.
— והיה באחרית הימים.

דורך פייער און בלוט און פאַרוויסט איז די ערד.
און ווען האָט איבערגעלאָזען די שווערד?
אויף ווען וועט פאַלען זיין הייליגע שיין,
וואס וועט ווי די זון אַזאַ לויטערע זיין?
— והיה באחרית הימים.

אַ קעניג, מיין דורות פאַרהייליגטער, דו,
פאַר ווען דיין פרידען? פאַר ווען דיין רוה?
דאָס בלוט פון די דורות פאַרגאָסען פאַר דיר
וועט קומען און מאָהנען אַן ענטפער פאַר מיר.
— והיה באחרית הימים.

# משה וואַרשאַ

## מיין נשמה.

(אויסצוג)

גאָט האָט מיר אַ פּקדון געגעבען:
אַ נשמה, אַ ווייסע, אַ ריינע
מיט אַ קינדערישען צאַפּעל
און קינדערישען לאַכען.
און אויגען — צוויי טויבען.
איך האָב די נשמה געשאַכטען,
אַ קרבן געבראַכט דעם ניט־גוטען.
און עס האָט דער ניט־גוטער
אין דער שעה אין דער בייזער
מיט אַ כשוף באַפוילען דער טויטער נשמה,
וואָס איז איהם צופוסענס געלעגען,
זי זאָל אין מיין גוף אייביג לעבען אַ טויטע.

איצט געה איך ארום,
און הער זיך אַלץ צו
ווי ס׳קריכען שטיל אום
אין נשמה ביי מיר
קאַלטע און גליטשיגע ווערים.

און כ׳ווייס:
ס׳איז געקומען די שעה.
באַלד וועט גאָט רופן,
באַלד וועט גאָט מאָנען
זיין פּקדון צוריק.
אַ ליעבהאַרציגער שמייכל אויף גאָט׳ס ליפּן רוהט
פאַר זיין שעהנעם פּקדון,
אַ מלאך אַ ווייסער שטעהט ביי דער זייט,
אַ גינגאָלדענע קרוין אין דער האַנד;
און אין זיו־השכינה־ליכט
מאַכען צדיקים אַ ראָד.
טאַנצענדיג, זינגענדיג
געהען אַנטקעגען
גאָט׳ס אויסדערוועהלטער נשמה.

## כ׳בין אין גאָס אַרויסגעלאָפען...

כ׳בין אין גאָס אַרויסגעלאָפען.
אין אַ שווערען, שוואַרצען חלום
איז די גאַס נאָך שטיל געשלאָפען;
מיט אַ ווייסען, טויטען פּנים
האָט די לבנה שטיל געקוקט.
מיט אַ ווייסען טויטען פּנים
האָט אַ שאָטען זיך גערוקט.

## כ'בין אויף וועגען אומגעגאַנגען...

כ'בין אויף וועגען אומגעגאַנגען
און געזוכט צו דיר דעם וועג,
האָט אַ נעבעל מיך געפאַנגען
אין די גרויע באַשפּינטע טעג.
און מיין הארץ האָט זיך געריסען
צו דיין פלאַמענדיגען קוואַל,
צו דער נאַכט האָט צוגעשמידט מיך
דער לבנה'ס בלייכער שטראַל.

נעבעל גרויע טעג לבנה בלייכע נעכט,
איך צופוסענס ליגט אַ לעבען איצט פאַרשוועכט.

## מיט אייגענע הענד...

כ'האָב מיט אייגענע הענד מיין נשמה פאַרברענט,
איהר אַש אויף די ווינטען צוזייט.
ניט איך שילט, ניט איך וויין, ניט איך קריץ מיט די ציין,
איך געה מיר ארום שטילערהייט.

און אפשר ?... אפשר ?...

האָט דער ניט-גוטער מיט מיר זיך געשפּילט,
ער האָט פון פאַרצוקונג דעם ריח דערפיהלט;
און דאַמאָלט האָט ער עס מיין האַנד אָנגעריהרט
און האָט מיך צום טמא־מזבח פאַרפיהרט.

## אויפ'ן קבר פון מיין נשמה.

אויפ'ן קבר פון מיין נשמה האָב איך אַ געצעלט געבויט,
דאָרטען וואוין איך איצט — פון נויט.

# יהואש

## גאָט'ס הויז.

דאָס הויז פון גאָט וועט קיינמאָל ניט פאַרשלאָסען ווערען,
און אויסגעהן וועלען ניט די קנויטען און די רעהרען,
און אַלע וועגען וועלען זיך אַהינצו שפּינען,
און יעדער וואנדער־טויב וועט דאָרט אַ נעסט געפינען.

און ווען דו וועסט נאָך ווילדע טעג און רויטע נעכט,
אין פינסטער דרעהען זיך און צאַפּלען אין אַ פלעכט
פון שדים־שטריק, מיט גרויען אַש אויף דיין געמיט,
און בלוי און בלוט, און טריפּזאַמד אונטער דיינע טריט.
וועט שטעהן אין שטילען טאָל דאָס שטילע הויז פון גאָט,
אָהן כעס, אָהן האַס, אָהן טאַדעל און אָהן שפּאָט...
דאָס ליכט וועט ברענען, און דער טויער וועט זיין אָפען,
און קיינער וועט ניט רופען, קיינער וועט ניט שטראָפען,
נאָר ביי דער שוועל וועט שטעהן גאָט'ס ליעבשאַפט און וועט האַרען
צו קושען דיר די וואונד, און היילען דיינע צער'ן...

## אויפ'ן ים.

דער ים איז שטיל,
עס געהט די שיף
מיט שטאָלצער רוה איהר וועג
און לאָזט נאָך זיך
אין גרינעם ים
א ווייסען לאנגען פלעק.

פון ווייטען זעהט
אן אינזעל זיך,
באדעקט מיט גרינעם וואלד;
די לופט איז פריש,
דער הימעל בלוי,
די זון זי שטראַלט און שטראַלט.

עס וויגט מיין הארץ
זיך מיט'ן ים
אין זיסען הין און הער,
און אויפ'ן דעק
שטעה איך קוק
און ווער פארטרוימט אלץ מעהר.

איך שפיר אין זיך
דעם שעהנעם וואלד,
דעם בלויען הימעל צעלט,
די שטראַלען פון
דער גרויסער זון,
דאָס ברייטע וואסער-פעלד.

## נאַכט אין שטאָדט.

עס רוהט דער ווילדער טאָג געוויש,
די גאַסען זיינען וויסט;
א בלייך־ווייסע לבנה נאַכט
די שטומע שטאָדט פארגיסט.

די הויכע הייזער שטרעקען זיך
פאַרלאָשען טויט און שטאַר,
עס הילכט צוריק דעם געהערם טריט
דער פּוסטער טראָטואַר.

פארשוואונדען איז דעם לעבענס פּולס,
דאָך קלאַפּט ער ערגעץ וואו,
צי האַסטיג, ווילד אין נעסט פון פרייד,
צי זאַנפט אין שלומער־רוה.

און פּלוצים האָרך... אַן אמבולאַנס
די ווייסע נאַכט צוריהרט. —
האָט אימיצער דערשאָסען זיך?
ווער וויים, וואָס האָט פּאַסירט.

## ס'דרימלען אַרום אונז...

ס'דרימלען אַרום אונז פאַר'חלום'ט די בוימער,
זיידענע שאָטענס דעם וואַלד דעקען איין;
איבער דעם וואַסער אין גלאַנציגע פאַסען
וואַרפט די לבנה איהר צערטליכען שיין.

שפּילענדיג גרייזעלט דער נאַכט-ווינט די גראָזען,
ס'וויגען די ווערבען פאַרשלאָפען דעם קאָפּ;
טויזענדער גאָלדענע אויגען פון הימעל
פינקלען און שפּיגלען אין וואַסער זיך אָפּ.

# יוסף ירד

## און ווער איך בין...

און ווער איך בין, מעהר וויים איך נים.
איך וויים נאָר, אז איך בין.
און בלאָנדזשע אום פון אָרט צו אָרט;
איך וויים נים זעלבסט וואוהין.

און ווער זי איז, וואָס פיהרט מיך אלץ,
וואָס ציהט מיך אלץ, דאָס וויים איך נים;
איך וויים נאָר, ווען איהר אָטעם הויכט,
שוועבט מיין נשמה נאָך.

ווי כ'האָב זי ליעב, צו זאָגען איהר
דאָס קאָן איך נישט, דאָס פיהל איך נאָר,
און פיהלט זי אויך אזוי —
ווי וואויל איז מיר.

און פיהלט זי נים אזוי —
ווי וועה איז מיר.

לאַנדוי זישע
לאַפּין ב.
לודוויג ראובן
לייוויק ה.
ליעסין א.
לעיעלעס א.



# זישא לאנדוי

## מיט וויפיעל טרויער...

מיט וויפיעל טרויער קוקען פרויען אויגען ?
אויף זיי'רע רייצענדע און רונדע גלידער
א פוילער נעבעל שטענדיג איז פארצויגען.

ניט איינמאל געהסט אוועק פון זיי א מידער,
דאך איידער ס'שלאגען דיינע לעצטע שטונדען
ניט איינמאל וועסטו זיין ביי זיי נאך ווידער.

דו ביזט צו זיי אויף אייביג צוגעבונדען,
ווייל אונפארגענגליך, אייביג איז דער טרויער,
און ס'איז דיין בלוט מיט בענקשאפט אנגעצונדען.

און אפטמאל לייכטען אין דיין וועלט דער גרויער,
פון צוגעזאגטען לאנד די ווייטע זונען
און ס'איז די פרוי צו יענעם לאנד דער טויער —

אז וואויל איז דעם, וואס האט דעם וועג געפונען.

# היינט אָװענד.

אָװענד אינ'ם הויז.
דו זיצסט אין הויז און קוקסט ארוים.
פון פענסטער דיר ארויס.
דאָס װייב זיצט אויף א שטוהל און העפט
און אפשר נעהט.
איך קוק מיך אום און זעה: זי זיצט זיך גלאַט אזוי
און ניט זי העפט, און ניט זי נעהט,
נאָר האַלטענדיג נאַכלעסיג אין דער האַנד
די גאָדעל, שער, צי דאָס געװאַנד
פאַרטראַכט זי זיך װי טאָג נאָך טאָג
אין דאגות נאָר פאַרגעהען.
און קיינמאָל קענסטו ניט ארוים
פון אָנגעצייכענטען און לאַנגװייליגען קרייז.
און יעדען טאָג, װאָס געהט אַװעק, איז דאָך א
ער װעט צוריק שוין מעהר ניט קומען.
און גלייך װי דער װעט דאָך דער צװייטער אויך פאַרגעה
און דאָס, אויף װאָס דו האָסט געהאָפט, געװאַרט,
האָט אָבגענאַרט.
און טראַכטענדיג אזוי,
מיט האָפנונג הויבט זי אויף איהר בליק צו דיר.
נראַד האָסטו אָבגעקעהרט פון פענסטער זיך
און קוקסט אויף איהר,
און מיט אַמאָל װערט אַלץ דיר קלאָר.
דו הויבסט זיך אויף.
געהסט צו צום װייב, דיין טרייען װייב,
לעגסט אויף איהר אַקסעל לייכט איין האַנד ארויף
און מיט דער צװייטער גלעטסטו איהר די האָר

און זאָגען ווילסטו איהר אזויפיעל גוטע רייד,
דאָך זאָגסטו ניט קיין איינציג וואָרט,
נאָר געהסט צוריק דיר אויף דיין אָרט
און קוקסט פון פענסטער ווידער דיר ארויס.
די נאַכט איז טיף, די שטערען זיינען גרויס,
און רוהיג שפרייט דיין הארץ זיך אויס.

## עס איז ניט קאַלט...

עס איז ניט קאַלט, דאָך מיינע גלידער
נעמט דורך די דינע אָווענד קעלט;
איך געה ארום א לייכט פארטראַכטער
אין פייכטען ליימיג־ווייכען פעלד.

אין הימעל שווימט דאָרט א לבנה
און שטערען לויכטען איבער מיר,
דאָך וואָס באַרוהיגט און עס טרייסט מיך,
לאַמטערען געלע, דאָס זייט איהר!

א מענשען׳ס האַנד האָט אָנגעצונדען
און היט די גאַנצע נאַכט אייך אָב.
א, פארלאַמטערענדיגע טאָלען,
איך לאָז צו אייך זיך איצט אראָב.

דער ווינד באַוועגט די קליידער מיינע,
דער ווינד בלאָזט קיהל מיר אין געזיכט,
און אין מיין הארץ איז אויפגעגאַנגען
א גרויס און וואונדערבאַרעס ליכט.

## איז דער הייליגער בעל־שם־טוב...

איז דער הייליגער בעל־שם־טוב אין פעלד אומגעגאנגען,
באגינען אין פעלד אינ׳ם קאלטען גענאנגען,
עס האבען פון צפון געבלאזען די ווינטען,
קאלט און פראסטיג האבען געבלאזען די ווינטען,
אז ס׳האבען גענומען איהם פריהרען די גלידער.
און ס׳האט מיט פארפרארענע גלידער
דער הייליגער בעל־שם־טוב געעפענט די לעפצען
און האט אויפ׳ן קול זיך צוזונגען,
אזוי האבען זיינע געעפענטע לעפצען
געזונגען, געזונגען, געזונגען :
„אז וואויל איז צו דעם, וואס האט זוכה געוועזען
„דיין ווינד זאל אמאל איהם באריהרען,
„אז וואויל איז צו מיר, וואס כ׳האב זוכה געוועזען
„פון קעלטען פון דיינע צו פריהרען,
„אז וואויל איז צו מיר און אז וואויל איז און וואויל,
„אז וואויל איז און וואויל איז און וואויל.״

און דורשטיג די פראסטיגע לופט אלץ געטרונקען
און ווידער אין טיפע מחשבות פארזונקען.

און איינציגווייז איז אינ׳ם הימעל ארויס
א זון אזוי פלאמיג און גרויס,
אז ווי אין גיהנום געווארען איז הייס,
פון פנים גערונען האט טראפּענווייז שוויים
און ס׳האט אינ׳ם ברענענדען פעלד
קיין ווינטעל צומאל ניט געוועהט,
נאר פלוצים זיך האט דורכ׳ן ברענענדען פעלד

דאָס קול פון בעל־שם־טוב צושפּרייט,
דאָס האָט דער בעל־שם־טוב געזונגען,
א לויב צום באשעפער געזונגען:
„פאַר קעלטען און היצען, פאַר זון און פאַר רעגען,
„פאַר טאָג און פאַר נאַכט, דיר א לויב!
„פאַר אַלעם, וואָס דו שיקסט דעם מענשען אנטקעגען,
„א לויב דיר, א לויב דיר, א לויב!
„און וואויל איז צו מיר, וואָס איך ווער איצט פאַרברענט,
„פון פייערען דיינע פאַרברענט.
„און אויב איך בין זוכה, און דו האָסט באשערט
„צו פאַלען פון דורשטיגקייט איצט אויף דיין ערד,
„ווי וואויל איז צו מיר און ווי וואויל איז און וואויל
„און וואויל איז און וואויל איז און וואויל."

## פערהאַנען ווערטער...

פערהאַנען ווערטער וואונדערבאַרע דינע,
קוים זאָגסטו זיי, ווערט לייכטער דיין געמיט.
זיי זאָגען אָבער זאָגסטו קיינמאָל ניט,
אמאָל נאָר, ווען דו הערסט אליין ניט דיינע רייד,
דיר פאַלען זיי גלייכגילטיג פונ'ם מויל.
דו ווייסט אפילו ניט דערפון, ערשט שפּעט נאָכדעם
דערזעהסטו, אז מיט דיר איז וואונדערבאַרס געשעהן:
דו רעדסט אזוינע רייד, וואָס קיינמאָל האָסטו ניט געהערט,
דו זעהסט אזוינס, וואָס קיינמאָל האָסטו ניט געזעהן.
און אַלץ, צו וואָס דו ריהרסט זיך צו, איז
פרייד און פרייד און פרייד —
אָ, ווערטער וואונדערבאַרע, דינע.

## ס'איז היים אין שטוב...

ס'איז היים אין שטוב. איך קען ניט שלאָפען.
איך טו זיך אָן. איך געה ארוים.
מיט בוימער, גראָזען און לאַמטערען
שפרייט מילד און לייכט די נאכט זיך אוים.

איך זעץ אַוועק זיך אויפ'ן ברונען.
ס'איז קיהל און שטיל. עס געהט דער ווינד
דורך מיינע האָר ווי שלאַנקע פינגער;
שוין האָבען מיך דערשמעקט די הינד.

עס קומט אָן טעדי און ס'קומט פרעדי,
מיט וויפיעל ליעבע גלעט איך זיי! —
כ'וועל ניט צוריקגעהן אין דער שטוב שוין,
כ'וועל נעכטיגען דאָ אויפ'ן היי.

## אַ קליינער פארק מיט ווייניג בוימער...

אַ קליינער פאַרק מיט ווייניג בוימער
און ביי דער זייט אַ הילצערן הויז:
אַ ראָב אויף איהם איז אויסגעמאָלען, —
ווי קינדיש זעהט דאָס אַלעס אוים.

און צוגעקלאַפט איז דאָרט אַ בלעכעל
און אויפ'ן בלעכעל שטעהט, אַז דאָ
איז אַכצעהן הונדערט ניין און פערציג
געלעבט האָט עדגאַר עלען פּאָ.

די ראָב, דער נאָמען עפּעס וועקען
פאַרגעסענס פון לאַנג אין מיר,
און ווייל מען קען דאָס הויז באַזוכען,
אַזוי לאָז איך זיך געהן צום טיר.

אין אַ קימאָנאָ רויט ווי שאַרלאַך
אַ פרוי פון פענסטער קוקט אַרויס;
כ׳האָב פיינט אַזוי קימאָנאָס רויטע,
אַז כ׳קעהר זיך גיכער אָפּ פון הויז.

איך בלייב שוין ליעבערשט שטעהן אין דרויסען.
איך לייג צוזאַמען מיינע הענד
און קוק מיר אויף דעם דאַך דעם ברוינעם,
איך קוק מיר אויף די ווייסע ווענד.

פון פּאָ׳ס אַ ליעד אַ וואָרט, אַ שורה
זיך פּלאָנטערען אין מיין געדאַנק;
וואו האָב איך זיי געהערט, געזעהען?
מיר דאַכט זיך, ס׳איז שוין דורות לאַנג.

און דאַך געטרייסט האָט און געשראָקען
אין חלום מיך און אויפ׳ן וואָהר
דאָס אַלץ ערשט נעכטען. וועט זיך ווען נאָך
דאָס ווידערקעהרען? — Nevermore!

## צו אַ דאַמע אין אַ גרויסען הוט...

פון גרויסען הוט פאַלט אויף דיין שטערען
און אויף אַ העלפט פון דיין געזיכט
אַ טיפער שאָטען, שאַרפער קוקען
די קנייטשען פון אַרום דיין מויל.
דו ביסט נאָך יונג, אין גאַנצען איבער דרייסיג,
דאָך איז דיין יוגענד ווייט שוין הינטער דיר,
און דיינע שוואַרץ-פאַרגרויטע האָר פאַררוהיגען
נאָך מעהר דיין רוהיגעס און לענגליכעס געזיכט.
אָהן רייץ שוין זיינען דיינע ברוינע אויגען,
דיין הויכער, ווייסער האַלז און דיינע פיינע פיס.
שוין קלינגט דיין שטימע קאַלט אַזוי און טרוי'ריג—
נאָר מיין נשמה ציטערט, ציטערט ציטערט,
זי ציטערט, ציטערט אַלץ נאָך דיר

## אָוועַנד אין קעלער.

— דו ביזט מיינע? — איך בין דיינע.
— דו ביזט מיינער? — יא.
— רעד, כ'האָב ליעב די שטימע דיינע
— רעד איך שעהן דען? — יאַ.

— כ'דאַנק דיר פאַר די גוטע ווערטער,
דו האָסט מיר דערפרעהט מיין האַרץ.
— יאָ, ס'איז אמת, קענסט מיט ווערטער
מאַכען פרעהליך איטליך האַרץ.

— ווילסטו נאָך אַ ווײַלע בלײַבען,
אָדער ווילסט אַהײם שוין געהן ?
— איך וויל נאָך אַ ווײַלע בלײַבען,
ס'ווילט זיך מיר אַהײם ניט געהן.

— ווייסט ? ס'איז גוט דאָ אינ'ם קעלער
צווענד־צײַט בײַם קריגעל ווײַן.
— יאָ, ס'איז גוט דאָ אינ'ם קעלער
צווענד־צײַט בײַם קריגעל ווײַן.

— וואו האָב איך דיך אויסגעפונען,
וואו ביסטו ביז איצט געוועזן ?
— זאָג, וואו האָב איך דיך געפונען,
וואו ביסטו ביז איצט געוועזן ?

— הויב אַ ווײַלע אויף די אויגען,
איך וויל קוקען איצט אין זיי.
— גוט, איך הויב אויף מײַנע אויגען,
דו זאָלסט קוקען איצט אין זיי.

## און דיסקוטירענדיג בײַם טיש...

און דיסקוטירענדיג אין דער קאַפע בײַם טיש
די ראָלע, וואָס עס שפּילען אינ'ם קריג די ערעאָפּלאַנען,
די טענקס, די סאָבמארינען און די לאַגע פונ'ם טערק,
און ס'אַרא ענדערונגען וועלען זײַן אויף די באַלקאַנען,
האָב איך אין היץ פון דיסקוסיאָן דערפּיהלט
ווי ס'קוקען מילד און ווייך אויף מיר די אויגען דײַנע.

כ'האָב אומגעדרעהט צו דיר מיין קאָפּ און כ'האָב דערזעהן
אין זיי אַ גלאַנץ, וואָס איך וועל ניט פאַרגעסען!
און קלאָר געוואָרען איז מיר מיט אַמאָל,
אַז ס'פליהען הויך די עראָפּלאַנען,
אַז ס'שווימען טיף די סאָבמארינען,
אַז ס'זיינען ווירקזאַם טענקס, ווי אַלץ וואָס ענגלאַנד טוט,
אַז סוף-כל־סוף וועט עפּעס ווערען מיט'ן טערק,
אַז ענדערונגען וועלען זיין אויף די באַלקאַנען. —
נאָר וואָס וועט זיין מיט מיר,
מיט מיר און דיר—
מיט אונז?

אַ ווינקעל פון דיין מויל אָהן אויפהער האָט געצוקט,
האָסטו געפיהלט דאָס זעלביגע וואָס איך?

## אין על.

כ'הענג אויף אַ רימען אין אַן על.
מיר פאָהרען שנעל. ס'איז היים, ס'איז ענג.
נאָר היימליך איז מיר אין געדרענג
פון ווייבער און אַנאַנסען.
מיין בליק לויפט אומעטום ארום,
פון זאַך צו מענש און באַלד צוריק
פון מענש צו זאַך.
ווי ביי אַ הונד, די נאָז איז וואַך
און שמעקט און שמעקט
און זאַפּט איין אַלץ, וואָס קומט איהר נאָר אַנטקעגען.

און וואָס אין הארצען איז געלעגען
פארשלאָפענערהייט פון יאָהרען
איז אויסגעוועקט געוואָרען מיט א מאָל.

דער צוג לויפט גיך און הייזער פליהען ראש פארביי.
און גראָבע ווייבער זיצען אזוי פריי
און ברייט צושפרייט די פיס,
און שמייכלען עפעס אזוי זיס,
און קייען, דרעהענדיג דאָס מויל,
פארשלאָפען, מיעד און פויל.

און אַנדערע — איין פוס צום צווייטען צוגעדריקט,
און ליפלעך — דין — — — —
אזוי איין פוס צום צווייטען צוגעדריקט,
און ליפען אזוי דין, — — — — —

פון היץ ווערסטו שיער ניט דערשטיקט.
די באַהן זיך וויגט
אַהער, אַהין.
און וואָס עס מאַכט דיך מיעד, ווי פריש געשניטען היי,
און וואַכיג, ווי ביי נאַכט א קינדעריש געשריי —
דאָס איז דער ריח, וואָס זיך טראָגט פון זיי.

## מיר און זיי.

א ווייב דארף צום מאַן דאָך ניט גלוסטען,
ווי ס'גלוסט ניט צום האר'ץ דער קנעכט;
דאָך זיינען בייטאָג ווי טויטע,
זיי לעבען ערשט אויף אין די נעכט.

עס נעמען די אויגען זיי ברענען,
זיי ווערען פון גלוסטונג פארצעהרט;
די תאוה פון ווייבער — זי האט דאך
פארלאשען דאס ליכט פון דער ערד.

נאר ווארהאפטיג זיינען מיר מענער,
צו זינד פיהרען אונז ניט די טריט,
עס גלוסט ניט צו תאוה דאס הארץ אונז,
עס ברענען די אויגען אונז ניט.

## פערהאנען לייט...

פערהאנען לייט, וואס ווילען שטענדיג רייזען
און קליין איז נאך פאר זיי גאט'ס גרויסע וועלט,
דאך מיר איז גוט אזוי דא אומצושפּרייזען
אין דעם פארטאלטען און דעם פארבערגטען פעלד.

כ'האב היינט אזוי פיעל אנגעקליבען בערען,
אז ברענגען זיי איז מיר געוועזען שווער.
איצט רוה איך אויס. אין שיין פון די לאמטערען
די צווייגען וויגען זיך אהין, אהער

א רוהיגער, אין טיפען גראז פארבארגען,
האב איך זיך אין דער גאנצער גרויס צושפּרייט.
נאך קראבען צו דעם טייך יעה איך מיר מארגען.
א קארב און פלייש האב איך שוין אנגעגרייט.

# ב. לאפּין

צו משה ווארשע.

די מוזיק פון הארצען,
ווי קען זיין ניט שעהן ?
און א הארץ מוז האָבען
ווער עס וויל פארשטעהן.

ס'שוועבען פאר מיר תמיד
דיינע גוטע רייד ;
טרייסטען, היילען, גלעטעי —
ברענגען א באשייד

פאר די רעטענישען,
ווי די נעבלען גרוי ;
און עס ריהרט ביז טרערען,
און ס'ווערט גוט אזוי !

## א טשילע'ר שניט-צייט.

א שניט-צייט-טאָג. פול ארבייט און גערויש
קלינגט אָפּ אין ווייטער שטרעק,
ציהט צו די דורכגעהער פון וועג, —
און אלע הייזער לעדיגען זיך אויס;
פון קליין ביז גרויס
איז אויפ'ן פעלד פארנומען.
ווער ס'האָט פארזעהט איז שניידען איצט געקומען.

מיט קינדערישען זאָרג און פרייד
שטעהט יעדער ביי זיין בייט,
דער — שניידט, דער — בינדט,
דער ווארפט גלייך אויף די וועגען
אין שייערען צו פיהרען,
ווייל אָט דער קרומער דרום-ווינד,
ער ווייזט אויף רעגען —
און דאָס פארהאָרוועט פארמעגען
קען אין איין רגע זיך פארלירען.

עס ליגען פייערען צוליינגט,
און געגען זון זעהט בלויז זיך רויך,
דאָס פייער — אין דעם אש באהאלטען,
ווארמענדיג א טאָפּ אן אלטען,
שפּייז פאר דאָס געזינד;
קארטאָפעל נאָר-וואָס אָנגעגראָבען,
ניט געשאָבען
אין וואסער איינגעווייקט
און אָפּגעהיט פון א קליין קינד.

ווייל ס'שטעהט די מוטער אויך
גלייך מיט די מאַנסבילען פאַריאָגט,
פון פריה — ווי ס'האָט נאָר־וואָס געטאָגט. —
נאָר באַלד וועט ס'אָרימע געריכט, שלעכט צוגעגרייט,
פארשלונגען ווערען אין דער מיטאָג־שעה מיט פרייד,
פרום איבערקרייצענדיג זיך שטיל
און מורמלענדיג א תפלה מיט געפיהל.

# ראובן לודוויג

## אויטאָפּאָרטרעט

מיך האָט צום שפּיגעל צוגעצויגען
צוויי טונקעל ברוינע אויגען.
א בלייך געזיכט,
צוויי ליפּען גראָב, און ברייט
צושפּרייט,
א קאָפּ געדיכטע האָר,
א רוקען אויסגעבויגען,
וואָס טראָגט אויף זיך די לאַסט —
פון צוויי־און־צוואַנציג יאָהר...

## אָקטאָבער

ערטערווייז:
מיט א ווייסען שוים
איז דער הימעל צוגערעקט,
ערטערווייז:
שטראַלט א בלויליכקייט ארוים.
נאָר דער פּארק
איינגעוויקעלט איז אין ראָסט
און די בוימער וויגען זיך און וויגען זיך
אין דער נאַקעטקייט
פון אָקטאָבער.

## סיעסטא

דער אויוועז גליהט.
עס ציטערט אויפ'ן דיל א געלבליך־רויטער שיין
און ווארעם איז אין שטוב און שטיל —
פארנאכטליך גרוי
א דונקעלהייט אין צימער גנב'עט זיך אריין.

אין גרויען ליכט
פארוויג איך זיך מיט צארטע פערזען פון וועלען
און רוהיג, רוהיג קלאַפּט מיין הארץ
נישט גלויבענדיג —
עס וועט א שלעכטע, בייזע שעה נאָך קומען ווען.

## אזוי מוז זיין...

עס גראָבט און גראָבט און גראָבט די ערד,
די מיטאָג זון איז בלענדענד הייס;
און רינט דער שווייס פון זיין געזיכט,
זאָל רינען טראָפּענווייז דער שווייס
פון זיין פארברוינט און דאַר געזיכט —
ער גראָבט די ערד...

אזוי מוז זיין, אזוי מוז זיין,
פון זיין געזאלצען־הייסען שווייס
וועט וואָרעם וויקלען זיך דאָס קרויט;
וועט וואַקסען הויך דער מייל־אָמעיז
און פּאָמידאָרען, בלוטיג רויט.
אזוי מוז זיין...

## נאַכט און רעגען...

טעמפּ און נאַריש
קלאַפּט דער רעגען
אויף די ברעגען
פון דיין הוט.

קאַלט און שטעכיג
פאַלען טראָפּענס
אויף די הענט...

גלאנצענדיגע פאסען
ווארפען די לאמטערען
אויף דער גלאטער נאסער גאס...

רויט געצונדען —
ווי אן אויג מיט בלוט פארגאסען
קוקט א פענסטער נייגעריג
אין דער נאכט .. — —

טעמפ און נאריש
קלאפט דער רעגען.

רייסען זיך די אויגען,
דיינע אויגען צו דעם פענסטער,
גלייך ווי דארטען
ברענט אצינד דיין גליק...

קאלט און שטעכיג
פאלען טראפענס...

## איך האב געטראכט

איך האב געטראכט —
ווער ווייסט,
עס קען אמאל נאך ווי די שטערען לויכטען,
ווי ווינטען פריי זיין,
ווי נעכט געהיימניספול —
דער גאנג פון מיינע טעג...

האָב איך דאָס זיפצען פון א מוטער
אויף יעדען טראט געהערט ;
די ליפּען פון א שוועסטער
אויף מיינע הענט דערפיהלט ;
דאָס וויינען פון א קינד,
וואס וויל דורך מיר געבאָרען ווערען —
אין מיינע אָדערען דערשפּירט.
און ס'האָבען מיינע הענט און פיס
געצווינגען מיר זיך צו דער ערד,
די אויגען דעקלאַך —
זיך שווער אראָפּגעלאָזען,
און מיינע ליפּען האָבען
פאר שמערץ געמורמעלט ;
„איך
בין
א פארלאָרענער אויף אייביג".

## אין א דאָקטאָר'ס וואַרט-צימער

אָנגעשפּארט
אויף די ביינערדיגע הענט,
א פארהילטער
מיט דער בלייבקייט פון דעם טויט,
דרימעלט איינער —
און א צווייטער
בייסט די בלויע נעבעלדיגע ליפּען.

פון א ווינקעל —
טיפע, מידע בליקען
זיך פארלירען
אין דער גרויער לופט פון צימער,
זוכענדיג א ווייטקייט...

רויטע פלעקען אויפן דיל,
רונדע, פריש פארקיהלטע —
קריצען צייכענס בלוטיגע
פון איין אבגעשוואכטען לעבען.

שטיל און גרוי...
גרוי און שטיל —
אין דעם טרויעריגען שווייגען
שפּיגעלט אָפּ אין זיך די לופט
די באגלייטונג פון א טויטען
צו זיין רוה...

## אין פאָטער'ס הויז

1

מיין פאָטער'ס רייד,
זיי קלינגען פרעמד פאר מיר;
אויך ברענגט מיין מוטער מיר קיין פרייד
מיט איהרע שטומע אויגען.

פון אָרט צו אָרט, פון טיר צו טיר,
די ליפּען צוגעמאכט און שטום,

אזוי דרעה איך זיך אום
א פרעמדער צווישען אייגענע.
ווען ניט די גאָלד באַזוימטע וואָלקענדלעך
און די פאַרנאַכטען,
ווען ניט די קיהלע זומערדיגע נעכט,
וואָס ברייגגען אויף מיט זיך א שעה
פון גאָרנישט טראַכטען —
ווי שווער וואָלט מיר געווען צו לעבען דאָ,
ווי לאַנגווייליג, ווי שלעכט...

2

מיר פרעסען איינער אויף דעם צווייטען
מיט אונזער ליעבע,
מיט אונזער נאָהענטקייט.

קען איך דען זיין אָהן איהר?....
זי איז מיין מאַמע...
וועט ער ניט בייגקען דען נאָך מיר? —
איך בין זיין זוהן...
און איהרע ציטערדיגע ליפען,
די גרויע אויגען — זיי זיינען שוין פארטרערט...

זיי רוהיג, רוהיג זיי, מיין שוועסטער,
איך וועל פאַרבלייבען ווי א קנעכט,
צווישען אייך,
און זעהן
ווי יעדען טאָג
רייסט איינער אויף דעם צווייטענס ברוסט
און קראַצט א שטיקעל הארץ פון דאָרטען אָפּ...

אונ טאָג נאָך טאָג,
און יאָהר נאָך יאָהר,
מיר פרעסען איינער אויף דעם צווייטען
מיט אונזער ליעבע
מיט אונזער נאָהענטקייט...

## צי טרעפט זיך דיר אַמאָל...

צי טרעפט זיך דיר אַמאָל — ביזט ווייט פון שטאָדט
דו נעהמסט אין האַנד אַ גראָבען שטעקען
און לאָז זיך אויף אַ ברייטען פעלד אַוועק,
אויף מיילען ווייט
איז קיינער אחוץ דיר אין פעלד ניטאָ,
פון צייט צו צייט
דו קוקסט דיך שרעקענדיג ארום,
און ווייסט אליין דאָך ניט ווארום
דו דאַרפסט זיך איצטער אין דעם פעלד גאָר שרעקען,
ווען קיינער אחוץ דיר איז דאָ ניטאָ.

און דאָך —
ווי רייצענד איז פאַר דיר די אומבאַשטימטע שרעק.
דו שפּאַנסט —
אַלץ ווייטער, ווייטער אין דעם ברייטען פעלד אַוועק...

## ניו יאָרקער קעץ

זיי ראַיען זיך אין מיסט, אין טיפֿע קעלערס,
און דורך די נעכט אַלץ ראָמאַנסירען,
נאָר אָפֿט באַוויינען זיי דאָס ביטער לעבען,
וואָס זיי באַשערט איז דאָ צו פֿיהרען.

ביי איינער אָפּגעשאָבען איז דער רוקען,
דער קאָפּ פֿאַרבלוטיגט ביי אַ צווייטער ;
אַ גליקליכער איז שוין אַ שוואַרצער קאָטער,
וואָס ליגט אין מיטען גאַס אַ טויטער.

ניין לעבענס יעדע האָט אין קאָן צו שטעלען —
איז שווער פֿון זיי זיך צו באַפֿרייען,
דען ביז אַ קאַץ וועט לעבענס ניין פֿאַרלירען,
קען איך די גאַל ביז דאַן אויסשפּייען...

# ה. לייוויק

## פון די סעריע „הינטער'ן שלאָס“.

.1

### די נארע איז קורץ...

די נארע איז קורץ,
נאָר שלאָפען מוז יעדער זיך לייגען, —
לייגט איינער די פיס
דעם צווייטען ארויף אויף די אויגען.

און איינער דעם קאָפּ
שפּאַרט אַן צו דעם אַנדערען׳ס קייטען:
די נאַרע איז ענג —
מוז יעדערער האַלטען דעם צווייטען...

.2

## איינגעשמידטע זיינען מיר.

איינגעשמידטע זיינען מיר,
יעדער אין א קאמער זיצט באזונדער;
אנגעשפארטערהייט ביים טיר
שטעהען מיר און ווארטען אויף א וואונדער:

פלוצלונג איינער שטילערהייט
עפענען וועט אלע טירען,
וועט צורייסען אונזער קייט,
אונז פון תפיסה ארויספיהרען.

וועט אונז פיהרען פאר'ן האנד
איבער וועלדער, איבער גרויסע ימ'ען,
צו א וייטען, וייטען לאנד, —
און א היים אונז ברייננגען, צו דער מאמען...

.3

## י ע ז ו ס.

איינגעדעקט ביז איבער האלז אין גראזהען ליגען זיי און שלאפען,
קעפ צו קעפ און הענט צו הענט, די פיס צום פענסטער אויסגעצויגען;
איבער זיי אין ווינקעל ערגעץ איינגעוועבט אין שפינוועבס
יעזוס אויף א צלם הענגט, דער מויל צוקרימט און צוגעמאכט די
אויגען.

דורכגעלעכערטביידע הענט און פיס און צוגעקלאפּט מיט נעגעל,
דאָר און נאַקעט־הויל דער גאַנצער גוף, די שאַנדע ניט פאַרבאָרגען:
אָנגעטאָן אויף א קייטעל שאַקעלט זיך אַנ׳אויסגעטריקענט לעמפּעל,—
ניט געווען קיין איינער, ווער עס זאָל מיט בוימעל און א קנייטעל
עס באַזאָרגען.

איינגעדעקט ביז איבער האַלז אין גראָזען ליגען זיי און שלאָפען,
כאַפּט זיך ווען ניט ווען ווער אויף — ער צלמ׳ט זיך און געהט זיך
ווידער לייגען:
יעזוס הענגט אליין א נאַקעטער, אַנ־איינזאַמער אין איינגעשטויבטען
ווינקעל,
די פיס פאַרדרעהט, דער קאָפּ פאַרקרימט און צוגעמאַכט די אויגען...

# פון דער סעריע „אין שניי“.

1.

## נ אָ כ אַ נ אַ נ ד.

מיר געהען צוויי טעג שוין, דריי הונדערט אין צאָהל:
מיר האָבען, ווער ווייס ווען געזינדיגט א מאָל,
מיר האָבען פאַרגעסען די זינד שוין פון לאַנג
און גאָרען אויף רוהען אין זונען־פאַרגאַנג.

נאָר ס׳הערט ניט אויף שלאָגען די שטראָפענדע האַנד,
זי טרייבט אונז צו געהן נאָכאַנאַנד, נאָכאַנאַנד,
און לאָזט אונז ניט פאַלען מיט ליפּען פאַרשמאַכט
צו קושען די טריט פון דער קומענדער נאַכט...

## .2

## אויף די וועגען סיבירער.

אויף די וועגען סיבירער
קען עמיץ נאך איצטער געפינען א קנעפעל, א שטריקעל
פון מיינס א צוריסענעם שוך,
א רימענעם פאס, פון א ליימענעם קריגעל א שטיקעל,
א בלעטעל פון הייליגען בוך.

אויף די טייכען סיבירער
קען עמיץ נאך איצטער געפינען א צייכען, א שפענדעל
פון מיינס א דערטרונקענעם פליט;
אין וואלד — א פערבלוטיגט־פערטריקענטעם בענדעל,
אין שניי — איינגעפרארענע טריט...

## .3

## געהט מען זיך לאנג.

געהט מען זיך לאנג,
בינדט מען די לענדען ארום מיט א שטריק:
קלאפען די שיך —
געהט מען זיך לאנגזאם, מען קוקט ניט צוריק.

איז ווער געשמידט,
קען ניט צוקלאפען די קייט אז א שטיין, —
וואס זאל מען טאן ? —
טראגט מען די קייטען, נאר געהן דארף מען געהן...

גים מען אונז רוה,
איינגעמידט ווערט אויף די האנד, וועלכע שטראפט, —
לייגט מען זיך שטיל,
לייגט מען זיך שטיל אויף דער ערד און מען שלאפט...

.4

## ווארימער אויוועז.

וואהנען זיך מענשען אין מיטען דער וועלט
רוהיג און ווארים אין זיי.
עסען געפאנגענע הירשען און פיש,
טרינקען צוגאנגענעם שניי.

לייגען זיך שלאפען, ווען ס'קומט נאר די נאכט
אלע צוזאמען אין בעט,
דעקען זיך איבער אריבער'ן קאפ,
שלאפען אין טאג אריין שפעט.

הוליעט אין דרויסען א צפון־זייט־ווינד,
נעמט מען א האק און מען שפאלט
שייטלאך נאך שייטלאך אין אויוועז אריין,
שייטלאך פון אייגענעם וואלד.

באקען זיך פלעצלאך און פרעגלען זיך פיש,
קאכט זיך א קעסעל מיט טיי, —
וואהנען זיך מענשען אין מיטען דער וועלט
רוהיג און ווארים אין שניי...

.5

## שטיל אויף די סטעפּעס.

שטיל אויף די סטעפּעס בוראַטישע
עס שלאָפט נאָך דער אָבגאָט פון פריה;
עס זיצט זיך אַ פּאַסטוך אַנ׳איינזאַמער
געבויגען דעם קאָפּ אויף די קניה.

זיין פּנים אַ געלער, אַ מעשענער,
צושוואומען דער נאָז אין דער ברייט,
די אויגען אין שטערען פאַרזונקענע,
די ליפּען האַלב שוואַרץ און האַלב רויט.

עס שיטען פונאַנדער די שעפּסען זיך
אין אַלע פיער זייטען ארום,
דאַס אַרט ניט דעם פּאַסטוך דעם איינזאַמען,
ער זיצט זיך פאַרדרעמעלט און שטום.

און הויבט ער אָן צו זינגען, — דערשרעקען זיך
פאַר איהם זיינע אייגענע פיה,
ווערט ווידער אַנשטומט אַ פאַרשלאָפענער,
פאַרוואַרפען דעם קאָפּ אויף די קניה...

.6

## איך בין דא.

טויט און שטיל.
שעה נאך שעה.
ווער איז דא?
איך בין דא...

אויפ׳ן וועג
אין דער מיט
איז ווער טויט?
קיינער ניט...

רויט דער שניי.
איך בין וויים.
מיינע הענט —
שטיקער אייז...

וועל איך מיר
לאזען געהן,
נעהן צו פוס
און אליין...

קומט ווער אן?
קיינער ניט:
פאלשער קלאנג,
פאלשע טריט...

טויט און שטיל.
שעה נאך שעה.
איז ווער דא? —
איך בין דא...

## קאלטע רוה.

קאלטע שטראהלען ציהען זיך פון שויב,
גיסען אן מיין הארץ מיט קאלטע רוה.
גליקליך זיין איז גוט און ניט זיין — אויך,
בעסער נאך פון אלץ — מיין קאלטע רוה.

אויפ'ן שפיגעל שפילט א ווייסער האז,
קלאפט א ווינטעל אין די פענסטער צו,
ציהט א רויך זיך פון מיין פאפיראס,
ווערט דער רויך פארפאלען ערגעץ וואו...

צעהלט פאר זיך דאס זייגערעל: טיק־טאק,
ניט פאר מיר — איך צעהל ניט די מינוט,
וואויל דעם גליקליכען, דעם אומגליקליכען אויך,
מיר נאך מעהר פון אלעמען איז גוט

## אנ'אויסגעטראכטער.

און פלוצלונג זעה: ס'איז גאר ניט דו,
א טעות נאר,
ניט דיינע הענט, ניט דיין געזיכט —
א פרעמדענס גאר.

און וואס דו זעהסט, און וואס דו טוסט —
א פאלשער שפיל;
אנ'אויסגעטראכטער וואנדעלסט אום
אהן וועג, אהן ציעל.

דער אמת'ער איז ערגעץ ווייט,
איז איינגעדרעהט,
איז איינגעשרויפט אין זיך אליין
ווי אין א קייט...

ער שלעפט זיך ערגעץ נאך דער קייט,
געהט טריט ביי טריט...
און וואו? ביז ווען? ניט ער, ניט ווער —
ווייס קיינער ניט...

## לייג דיין קאפ...

לייג דיין קאפ אויף מיינע קניה,
גוט אזוי צו ליגען,
קינדער שלאפען איין אליין,
גרויסע דארף מען וויגען.
קינדער האבען שפּילעכלאך,
שפּילען ווען זיי ווילען;
גרויסע שפּילען נאר מיט זיך,
מוזען אייביג שפּילען.

## שלאף, שלאף.

שלאף, שלאף, שלאף,
דער פאסטוך פאריאגט האט זיין שאף,
דער פאטער פארלאזט האט זיין קינד,
געלאזט אין דער פרעמד אויפ'ן ווינד.

וואס טוט מען, ס'איז קיינער ניטא?
איך וויג דיך א שעה נאך א שעה.
איך ציה אליץ פון וויגעל די שטריק
אהער און אהין און צוריק.

לו, לו, לו,
דער ווינד קאן ניט שלאפען, ווי דו:
עס בלאנזשען אום פרירענדע וועלף,
און עמיץ בעט רחמים זיך: העלף...

וואס טוט מען: אז עמיצער שרייט?
ער שרייט און הערט אויף מיט דער צייט,
די צייט איז א רגע צי צוויי —
פאריאגט האט דער ווינד דעם געשריי...

וואס טוט מען ס'איז קיינער ניטא?
איך וויג דיך א שעה נאך א שעה,
אזוי ווי אויף אליץ קומט א סוף
וועט קומען אויף אונז אויך א שלאף...

## אויף די פייערען.

אויף די פייערען אין לופט די טאנצענדיגע קוק איך,
און די אויגען מיינע —
ווערען ווי די פייערען אין לופט די טאנצענדיגע.

וואס איז מיר געבליבען מעהר פון רוישענדיגען טאג,
אז ניט די אויגען מיינע? —
הענט און פיס זיי זיינען טויט פון רוישענדיגען טאג.

הענט און פיס זיי הענגען אויפ'ן שטול זיך וויגענדינע,
נאָר די אויגען מיינע —
לאָזען זיך אליין אוועק ווייט, ווייט פונ'ם שטול דעם וויגענדיגען.

ווי עס לויפען איבער שטערען אין געדיכטער פינסטערניש
די אויגען מיינע —
צו די ווייטע פייערען שניידען זיי זיך דורך דער פינסטערניש.

לאַנג שוין האָבען מיך פארוויגט די פייערען די טאַנצענדיגע...
נאָר די אויגען מיינע —
ברענען ערגעץ וואו נאָך מיט די פייערען די טאַנצענדינע...

## נאָך אַלעמען.

שוין אָפּגעזאָגט דער דאָקטאָר האָט דאָס לעבען,
און וואָס עס האָט געמוזט איז שוין געשעהן:
דאָס אויג — פאַרמאַכט, די הענט און פיס — פאַרגליווערט,
עס וועט ניט זיין שוין מעהר וואָס איז געווען...

שוין אָפּגעהויבען צו דער ערד דעם טויטען
און אומגעדרעהט די שפּיגלען צו די ווענט;
שוין אָפּגעקלאָגט האָט דער, וואָס דאַרף באַוויינען,
די ליכט צוקאָפּענס אַלע אויסגעברענט.

געוועזן שוין די לויה, שוין פאַרשאָטען,
א ברעטעל אינ'ם פרישען זאַמד געשטעלט,
צוריק געבראַכט אין טהרה־שטוב די מטה
און רוהיג, שטיל, ווי קיינער וואָלט געפעלט.

נאַך אַלעמען. שוין אומגעקערט אַהיים זיך.
מען וואַשט די הענט, מען עסט דאָס אָווענד־ברויט,
מען בלייבט אַזוי זיך זיצען אין די זאַקען,
און רוהיג, שטיל: די מערב זון פאַרגעהט...

## אויפ׳ן זאַמד.

אויפ׳ן זאַמד אין מיטען וועג
ליג איך אויסגעצויגען;
ווייסער שיין, לבנה שיין
לייכט מיר דורך די אויגען.

און אַ ווינטעל פלאַטערט שטיל.
איך בין מיד, אַלץ מידער,
וויל זיך שטעלען קען איך ניט,
פאַל צוריק אַנידער.

צוגעוואַקסען צו דער ערד
ווי מיין הארץ צום טרויער:
דרעהט זיך איינער ארום מיר,
טרייסט מיך: ניט באַדויער...

גוט איז מיר. אַ ווייסע האַנט
זעה איך אויסגעצויגען:
טויטער שיין, לבנה שיין
לייכט מיר דורך די אויגען...

# א. בלינקין

## עס געהט די מיטען - נאַכט....

עס געהט די מיטען-נאַכט אין ווייסען אָנגעקליידט
איבער פעלד און וואַלד, איבער באַרג און טאָל —
אין ווייסענס אָנגעקליידט, אויף זיידענס אויסגעשפּרייט
און גיסט מיט שטילען שיין און טרוימען אָהן א צאָהל.
און ס'דוכט זיך אויס, אין לופט פאַרשפּרייט זיך און עס שוועבט
א חלום אָהן א סוף, פאַנטאַסטיש, בלוי און מילד
פון טיפען הימעל־רוים מיט שטערען דורכגעוועבט
און ביז דער ווייסער ערד אין שטראַלען איינגעהילט.
עס שלאָפט די גאַנצע וועלט, פאַרגאָסען דורך אַרום
אין מילדען, שטילען שיין, באַצויבערט און ענטציקט;
עס שלאָפט די גרויסע שטאָדט, די גאַסען שווייגען שטום;
עס שלאָפט דער מידער מענש אין חלום איינגעוויגט.

# א. לעיעלעס

## איך

איך בין נישטיג, האָפנונגסלאָז און זינדיג,
און מיין יעדער ריהר — א שפור פון פעסט.
וואָס איך טו איז ליגנעריש און ווינדיג,
מיין געדאנק און הארץ — א שלאנגען־נעסט.

אויף מיר הענגט די זינד און פלוך פון דורות,
און דער משפט איז שוין לאנג בעשיידט:
כ׳געה אין שאָטען פון א טויזענד מורא׳ס,
פרעמד איז מיר די גנאָד פון איינזאמקייט.

וועה דעם שטויב, וואָס האָט זיך אָבגעריסען
און געבליבען הענגען אין דעם ווינד!...

— — — — — — — — —

זאָל די נאכט שוין איבער מיר זיך שליסען
און פערצוקען מיך, וואָס כ׳בין א זינד.

איך בין נישטיג, האָפנונגסלאָז און זינדיג.

## פריהלינג

**פון א וועלט א טריבער, גרויער,**
קום איך פריהלינג צו דיין טויער —
אין א ווילד פרעמד הויז.

**כ'קום ניט קיינעמס פרייד צו שטערען,**
**וועל נאָר קוקען, וועל נאָר הערען,**
**הערען, קוקען בלויז.**

## ניו-יאָרק

מעטאַל. גראַניט. גערויש. געבראַזג. געפּילדער.
אַטאָמאָבילען. הויך־באַהן. טיף־באַהן. קאַר.
בורלעסק. גראַטעסק. קאַפּעען. קינאָ־בילדער.
עלעקטריש ליכט און גרילצענדער ווירוואַר.

געזייגטער פרעמד און בליקען פיינדליך־שטאַר.
קיין שמייכעל, קיין גוט-מאָרגען, פריינדליך — מילדער
אָן איינזאַמקייט און ניט געטרייסטער צער
און אָט דער דרענגעניש כאַאָטיש ווילדער.

# מאני לייב

## איך בין דער וויינריב דער ווילדער.

איך בין דער וויינריב דער ווילדער!
נעה אויף ביים פלויט פון דיין הויף.
קלעטער א רויטער, א ווילדער
ביז דיינע פענסטער ארויף.

אויף דיינע דילען זיך לייגען,
הויכען אין שארף פון דיין קלייד,
בלייכען זיך אין דיינע אויגען,
טרויריג פון דיינע רייד.

לויערען פון דיינע לאמפען
הערבסטיג און גרין, ווי א שפין,
אויסגעהן פארקלערט, ווי די לאמפען,
אשיג אין פלאם פון קאמין.

לינען א בלייבער, א טויטער,
אויף דיינע שויבען אין שניי,
שנייאיג אין שניי א פארשנייטער
וויינען צו דיר פון דעם שניי.

## מיין ווייסער פרייד

העי, איהר ביי מיינע הויכע טויערען,
די גאנצע נאכט מיט פאקלען וואכט!
מיין ווייסע פרייד אין דרייצעהן שלייערען,
ראראף קומען היינט צו מיר די נאכט.

פליהט מיין ווייסע פרייד אין שליטען
מיט די זיבען ווייסע פערד,
איהרע שלייערען צושיטען
ווייסע ווינטען אויף דער ערד,
און זי יאָגט די ווייסע פערד.

העי, איהר! פראהלט אויף די הויכע טויערען.
שפאנט אוים די פערד ביי מיר אין הויף.
מיין ווייסע פרייד אין דרייצען שלייערען
ברענגט מיר אהער און וועקט מיך אויף.

ביי דעם בלויען, ביי דעם רויטען,
שטילען פייער פון קאמין
פאלט איין שלייער נאָך א צווייטען,
דרייצען — זעהסטו ווי איך בין —
און זי ווארפט זיי אין קאמין.

העי, איהר! פארשפארט די הויכע טויערען,
נעהט שלאָפט, ווי הינד, אין אייער שעה!
מיין ווייסע פרייד אין דרייצען שלייערען
איז איצט מיט מיר אזא אָדאָ.

## שטילער, שטילער

שטילער, שטילער, רעדט ניט הויך!
שטעהט געבויגען שווארץ און בלייך.
איינגעבויגענע אין פיין
שווייגט און האלט דעם אָטעם איין.

פון דער טיפער נאכט ארויס
און פון קיינעם ניט געהערט,
וועט ער אויף א ווייסען פערד
קומען שטיל צו אונזער הויז.

פון זיין לויטערען געזיכט
און זיין קלאָרען, ווייסען קלייד
וועהען וועט אויף אונז די פרייד,
פאלען וועט אויף אונז זיין ליכט.

זייט נאָר שטילער, רעדט ניט הויך,
שטעהט געבויגען, שווארץ און בלייך.
איינגעבויגענע אין פיין,
שטעהט און האלט דעם אָטעם איין.

אויב מען האָט אונז אָבגענארט,
און מען האָט אונז אויסגעלאכט
און די גאנצע לאנגע נאכט
האָבען מיר אומזיסט געוואכט —

וועלען מיר אין אונזער בראָך
בויגען זיך צום הארטען דיל
און מיר וועלען שווייגען שטיל,
שטילער נאָך און שטילער נאָך

זייט־זשע שטילער, רעדט ניט הויך!
שטעהט געבויגען שווארץ און בלייך.
איינגעבויגענע אין פּיין
שטעהט און האלט דעם אָטעם איין.

## בלויע אָווענד שטונדען.

טויבען־שטילע, בלויע אָווענד־שטונדען!
שפּרייט פאַר מיר מיין אָווענד טרוים צושפּרייטער.
איצטער גליהען ציטערדיגער, רויטער
מיינע שטילע רויזען — מיינע וואונדען.

איצטער שטארבט אין גאסען דער געפּילדער.
טריט און ווערטער הילכען שטילער, ווייכער,
אוינען בענקענדיג נאָך אויגען, קוקען בלייכער,
הענד אין הענד געדריקטע, רעדען עפּעס מילדער.

איצטער ווערט מיין בענקשאפט רויט געצונדען.
הייסער ווערט מיין בלוט, מיין אויג ווערט ברייטער!
איצטער, איצטער, ברענען רויטער, רויטער
מיינע רויטע רויזען — מיינע וואונדען!

## איך האָב מיין מאַמעס שוואַרצע האָר.

איך האָב מיין מאַמעס שוואַרצע האָר און גרינע אויגען,
מיין טאַטענס איידעלע און דינע הענד;
און בלוט האָב איך אַזאַ, וואָס זינגט און ברענט,
דאָס בלוט פון מיינע זיידעס, אידען ביי דעם דניעפּער;
און אויף מיין קאָפּ — די נעכט פאַרבראַכטע מיט חברים
אין בענקשאַפט נאָך דער צאַרטער, דינער לוסט;
און שאַרפע ציינער־צייכענס אויף מיין ברוסט
פון אַ פאַרטרויטער, ציטערדיגער פרוי.

## ווייט און ברייט און אָפען...

ווייט און ברייט און אָפען
וועהט דער נעבעל קיהל,
גאָלדיג בלוי און שטיל
ווערט דער ים אַנטשלאָפען.

גאָלדיג־בלוי געצונדען
אויף דער ווייטער טיף
שווימט אַ זעגעל־שיף,
שווימט און ווערט פאַרשוואונדען.

ווי אַ האָלבער האָרן
די לבנה, הויך,
עלענד, קאַלט און בלייך
קוקט אין ים פאַרלאָרען.

## אין דיינע אויגען ווײַנט דער הערבסט.

אין דיינע אויגען וויינט דער הערבסט —
מיין הערבסט. דער נעבעל און דער פּאַרק.
די ווייטע פייערן. די נאַכט
און די געשרייען פון דער שטאָדט.

אין דיינע אויגען וויינט די נאַכט —
מיין נאַכט. דער אַלטער פּאַרק און איך.
די ווייטע פייערן. די שטאָדט,
און דאַרטען דיין פאַרלאָזען קינד.

## ווינטער אָוועגד

וואָס טוט מען אין דעם לאַנגען אָוועגד, ווינטער ? —
מען זיצט ביים טיש. מען שווייגט. דער אויווען ברענט.
מען רוקט פאַרטראַכט די קאַלטע פּען אין טינטער.
מען שמייכעלט פויל. מען רייבט די קאַלטע הענט.
מען רויכערט אומרוהיג.

און אז מען ניט אַ טראַכט, אַזוי זיך, פון די שכנים,
אַז יערער רוהט פון לאַנג שוין אין זיין בעט —
און אז עס שאַרען אויף די טרעפּ זיך טריט פון איינעם,
וואָס קומט פון גאַס אַהיים אַליין און שפּעט —
פאַרטראַכט מען זיך, הם... הם...

## ווינטער.

פאר מיינע פארנעבעלטע שויבען
הויבען זיך העכער, העכער,
הויכע פארשנייטע דעכער,
הויכע און זילבערנע הויבען.

פאר מיינע פארנעבעלטע שויבען
איבער די הויכע דעכער,
הויבען זיך העכער, העכער,
רויכלאך, ווי זילבערנע טויבען.

## אין האפען

גרויע, מידע שיפען שטעהען אין דעם גרויען האפען,
אָבגעבערענטע פון די ים'ען פרעהליכע מאטראָזען,
גלאַנציג שווארצע נעגערן און פלינקע ווי די אַפען,
לאָדען אויס די גרויע שיפען אין דעם גרויען האפען,
און דער האפען הילכט פון גלאָקען, קייטען און געשרייען.

און אָ דאָרטען, פון די רויהע ווינטען אויפגעבלאָזען,
רויט ווי פורפור, אויף אַ שיפעל זעגלען קליינע וועהען, —
איינער האָט זיך אַ פארטרויטער ווייט אין ים געלאָזען,
און פון דאָרטען קומט די נאכט און רויע ווינטען בלאָזען
און פון דאָרטען צו דעם האפען גייע שיפען געהען.

## די לענדער און ים'ען.

די לענדער און ים'ען. די שטעדט און די ערטער.
נעזיכטער און שמייכלען און ווערטער. —
זיי זיינען אוועק פון מיר ערגעץ. א מאָל
איז עפּעס א ווייטען טאָל.

איך זעה נאָר דורך לויטערען נעבעל פאַרצויגענע
צוויי קינדיש פאַרטרויערטע אויגען —
פאַרבלאָנזשעטע שפּעסעלאַד, שוואַרצינקע צוויי.
און עפּעס א וועלט פון שניי.

# ל. מילער

## מימי אַגוליאַ.

וואָס איך טו, און וואו איך בין,
ליגט דיין נאָמען מיר אין זין,
צו דיין וועזען ווילד און שעהן,
פאַסט דיין נאָמען ווי אַ קרוין.
— מימי אַגוליאַ —

ווען איך רייד דיין נאָמען אויס,
שוועבט דאַן פאַר מיין בליק אַרויס
האָר און אויגען ווילד און שוואַרץ
און אַ שטימע שניידט מיין האַרץ
— מימי אַגוליאַ —

זינט איך האָב דיין שטים געהערט,
געה איך אום אַזוי פאַרקלערט,
עפעס טוט אין האַרץ אַ ריס,
ווייס איין גאָט נאָר וואָס מיר איז.
מימי אַגוליאַ —

## מיינע קינדער

ווי א קינד פארטראכט אין שפיעלען, זיצסטו ביי דעם וויגעל, יונגע מאמע.
און דיין כלומר'שט ערנסט פנים זעהט אוים קינדיש חנ'ווריג אזוי,
קינדיש חנ'ווריג דער פנים, און די אויגען קינדיש בלוי...

מיט א שמייכעל אויף די ליפלאך שלאפט דאס קינד אין וויגעל,
צייט אויך, אז די קליינע שעהנע מאמע זאל שוין שלאפען געהן...
נאר די קליינע שעהנע מאמע שאקעלט מיט דעם קאפ אויף ניין...

## אלע געהען מיר אהין...

מען האט דערמאנט א טויטען פריינד...
און עמיץ האט געזאגט: מיר אלע געהען דאך אהין...
נעבען מיר מיין קינד באריהרט מיין האנט —
וואוהין?...
איך הויב די אויגען צו דעם הימעל אויף —
— אהין...
פאטשט דאס קינד די הענט פאר פרייד:
— אלע, אלע, אלע, געהען מיר אהין...

# איך בין א גאסט

איך בין א גאסט
געקומען אויף א ווייל און קעהר שוין באלד צוריק...
מיט ליעבע פאלט אויף אלעס און אויף אלעמען מיין בליק —
דער בליק פון גאסט...

און פיהרט די וועלט
זיך יושר׳דיג צי ניט, די מענשען שלעכט צי גוט,
איך זעה און הער. און אויף מיין ליפ א שמייכעל רוהט...
איך בין א גאסט...

# מנחם

## דער לײמענער גולם.

אין מיטען גאַס, אין מיטען מאַרק
האָט מען פון שטײן און לײם א באַרג
א גולם אויסגעבויט.
מען האָט געפאַרבט איהם װײס און גראָה,
מען האָט געפאַרבט איהם הימעל־בלאָה,
מען האָט געפאַרבט איהם רויט,
ביז ס׳האָט א פאַרב א פאַרב פערװישט
און די קאָלירען אויסגעמישט
צום געלען לײם צוריק.
דאַן האָט מען צו די פיס און הענד,
צו פינגער, אָרעם, קניה און לענד
איהם צוגעבונדען שטריק —

און װער ס׳האָט געװאָלט האָט געצױגען א שטריקעל,
געטאַנצט און גערופען צום גולם:
— אַט באַלד — מיר פערכאַפען פון שטריק נאָך א שטיקעל
איז אונזער דער לײמענער גולם.

אַט שטעהט ער אויף זיין הויכען אָרט,
מיט שטריימעל, פּאות און אַ באָרד,
אין טלית איינגערעקט,
דער שפּיץ פון באָרד ארויף געווענדט,
און די צונויפגעלעגטע הענד
צום הימעל אויסגעשטרעקט.

אַט שערט מען איהם די פּאות אָפּ,
מען פּאַסט אריין אין הוט זיין קאָפּ,
די אַקסעל אין אַ ראָק,
אַ שווארצען שניפּסעל צום פּאַסאָן,
ביים זייט אַ הימעל־בלויע פאָהן,
אין האַנד — אַ וואַנדער־שטאָק,

און ווער עס פערכאַפּט איהם דער ערשטער — דער ליאַרימט
מיט שמחה ארויס צו דעם עולם:
עס האָט זיך זיין הארץ שוין אין לעבען דערוואַרימט,
זאָל לעבען דער ליימענער גולם!

דאַן קומט אַ מחנה זיך צונויף,
מען ציהט די אַרבעל איהם ארויף,
ביז אַקסעל־ביין ענטבלויזט,
אין האַנד אַ פאָהן פון רויטען בראַנד,
און פון דער צווייטער פרייער האַנד
צונויפגעדריקט אַ פויסט,
ביז פון אַ ווינקעל ערגעץ־וואו
אַ נייע מחנה רוקט זיך צו
צו זיי מיט אַ געשריי,
און צו דער ברענניג־רויטער פאָהן

א צוקער־ווייסע קניפּט מען אָן —
איז — פּאַכט ער שוין מיט צוויי.

און ווי נאָר די פאָהנען פון ליארימען וועהען,
דאַן שרייט מען ארויס צו דעם עולם:
— ער געהט שוין די זוימען פון פייער פערזעהען —
זאָל לעבען דער ליימענער גולם!

דאַן קומען אָן פון וואו א לאַנד
מיט בונטען פאָהנען אין דער האַנד
געטרייע אלערליי,
מיט לייב און אָדלער, וואָלף און בער
אין שילד פון קרייציגען געווער,
וואָס פלאַטערען פון זיי,
און ווער עס וויל — דער קניפּט איהם אָן
זיין לייב און אָדלער אויפ'ן פאָהן
און לאָזט עס העכער וועהן,
ביז אין דער דעק פון פאָהן און שילד,
ווערט ער אינגאַנצען איינגעהילט,
ווי ס'וואָלט ניט ער געווען.

און ווי נאָר א ווינטעל צופּאַכעט די פאָהנען
לויפט יעדערער נעהנטער צום עולם,
דאָס געהט ער די קריוודעס פון פּאָטערלאַנד מאָהנען —
זאָל לעבען דער ליימענער גולם!

אין מיטען גאַס, אין מיטען מארק
האָט מען פון שטיין און ליים א בארג

א גולם אויסגעבויט,
ווער ס׳קומט אפריהער קליידט איהם אן,
און שטעקט אין האנד אריין זיין פאהן,
צי ווייס. צי בלוי, צי רויט,
ווער ס׳קומט דערנאך — דעם ערשטענס רייסט,
איז הענגט עס פון איהם שטיקערווייז,
פון פאהנען, קלייד און שיך,
און אויב ס׳פערבלייבט א גאנצער פאס,
דאן קומען אינגלאך פון דער גאס
און רייסען עס פאר זיך —

און די וואס פערנייהען מיט לאטעס די לעכער,
זיי רייסען זיך נעהנטער צום עולם,
און יעדערער מיהט זיך צו שרייען אלץ העכער:
ס׳איז אונזער ליטמענער גולם.

ניסענזאָן א.



# א. ניסענזאָן

## ניו יאָרק

ריזיגע טורעמס און הימלען פון רויך,
טומעל פון ווילדע טראַמוויִיען,
שטיינער, וואָס זענען צוליינט דאָ אין גאַס,
גלייך מיט די מענשען זיי שרייען.

פייערן דאַרטען און פייערן דאָ,
אומעטום פייער און פייער;
האַרט ביי דעם ברעג פון דער שטאָדט ליגט דער ים,
פונקט ווי אַ הונט אַ געשרייער.

## געשטאַנען איז דער אַמבולאַנס

געשטאַנען איז דער אַמבולאַנס ביי׳ם טראַטואַר;
צוויי מענשען האָבען אין אַ בעטעל קאַלטערהייט ארויסגעטראָגען
אַן אונבעקאַנטען, און איהם שטיל אריינגעלייגט אין וואָגען.
די רעדער גומענע אָוועקגעקייקעלט האָבען זיך אויף דער ערד.
און ס׳האָט קיין מענש אפילו ניט געוואוסט וואָס ס׳האָט געטראָפען;
עס זיינען גאַס און מענש אין מילדער, שטילער רוהיגקייט געשלאָפען
און לאַנג געשטאַנען איז די נוירס ביי׳ם טיר אַזוי פאַרקלערט.



## אין הערבסט

ס'וועט אין דיין וועג נאך אויפגעהן ניט איין ליכט,
און רוהען וועלען ווען די מידע גלידער,
ס'וועט ניט איינמאל פון וואונדערליכע ליעדער
דיין הארץ זיין פול און לויכטען דיין געזיכט.

דו וואלסט געקענט א מידער טון דיין פליכט
און אין דיין היימאט אומקערען זיך ווידער.
דו וואלסט געקענט פארבארגען צווישען ברידער
דיין שווערען קאפ פון שרעקליכען געריכט.

דו וואלסט געקענט א ליעבען הארץ פארטרויען
דעם טרויער פון א שעהנער וויסטער וועלט, —
איז דיר דער וועג צו יענעם הארץ פארשטעלט.

דו וואלסט געקענט דיין קעניגרייך דיר בויען, —
נאר איבריג איז דיר אלץ וואס דו ערווערבסט,
ווען ס'קלינגט ארום דיר און אין דיר דער הערבסט.

## לילית

זי האָט קיין היים ניט, ווי אין פעלד דער ווינט,
פון זינט זי איז פארטריבען פון גן־עדן.
זי קומט אין שלאָף צום אונשולדיגען קינד.
און ס'שמייכעלט דאן דאָס קינד און הערט זי רעדען.

און וויינט דער ווינט ווען, און די נאכט איז בלינד,
דאן בענקען מיר נאָך אונבעקאנטע פריידען.
זי איז דער פיינד פון זעטיגענדער זינד,
זי ברענגט אונז טויט און לייטערענדע ליידען.

נאָר דער, וואָס געהט מיט האלב פארמאכטע אויגען
אין ליכט פון טאָג, ווען זעהן זי אויפ'ן וואָהר,
די וואונדערשעהנע צויבעריין פון נאכט.

זי וועט מיט ליעבע ווען צו איהם זיך בויגען,
צוואוואַרפען איהרע לאַנגע, לאַנגע האָר,
און ער וועט זעהן די קעניגין פון נאכט.

## דער וועג

„פון חלום צו חלום"
ד'אַברוצי: „זיגזאַגען"

דער באַרג נאָך זיין קאָפּ אין די וואלקענס פאַרבאַרגט —
אַלץ העכער אין העכער און העכער.
אַרויף געהט אַ ריטער פאַרשטויבט און פאַרזאָרגט,
ער זוכט דעם פאַרבאָרגענעם בעכער.

נאַר שטורעמס אַנטקעגנען איהם שיקט ריבעצאַהל,
אין פינסטערניש לעשט זיך אַ שטראַהל נאָך אַ שטראַהל.
פאַרלאָרען — פאַרגעסען דער הייליגער גראַל —
און מיד ווערט דער מוטיגער ריטער.

אַ טאָל פאַר איהם עפענט זיך שאָטענדיג גרין —
אַלץ טיפער און טיפער און טיפער,
מיט פעדעם פאַרבאָרגענע ציהט איהם אַהין
דאָס ליכט פון דעם ווייטען לוציפער.

פון טאָג ווייך דעם טאָל האָבען שאָטענס פאַרשטעלט,
און ס'בויגען זיך פרידליך געצעלט צו געצעלט, —
אין יענער געבענשטער, האַלב-ליכטיגער וועלט
וועט רוהען דער מוטיגער ריטער.

## ווען ס'פאַלט דער ערשטער שניי

דער ערשטער שניי וועט בלייבען אייביג ניי פאַר דיר.
דו שטעהסט ביים פענסטער, טוסט זיך ניט קיין ריהר
דער נעבעל איז געדיכט, די לופט איז קאַלט,
אַהן אויפהער שווערער שניי פון גרויען הימעל פאַלט,
דו ווערסט אַליין זיך פרעמד אַזוי און אַלט.
דו ווייסט, עס וועט דער שניי ניט אייביג פאַלען,
ווייל אייביג איז דאָך נאַר די אייביגקייט אַליין.
באַלד וועט די זון אין בלויען הימעל שטעהן
און וואַרפען איהרע קרענקליך-בלייכע, קרומע שטראַלען
אויף הויז און בוים, וואָס שטעהען איינגעהילט אין ווייסע קיטל.

און איילען וועלען קינדער מיט א יובעל שאַלען,
צו יעדען בערגעל, וואו מען קען זיך שליטלען.
און פויגלען וועלען אומפליהען פארלאָרען.
נאָר דו ביזט ביי דעם ערשטען שניי ווי ניי געבאָרען.
דו ווייסט, ער קומט און אין זיין צייט פארגעהט,
דו ווייסט, ער וועט נאָך אייביג קומען ווידער,
און דאָך ביזטו פאר איהם קיינמאל ניט גרייט —
אזוי קומט אויך דער טויט.

פאראַנגען אַלטע, וואונדערליכע לידער,
דו טראָגסט זיי פון דיין קינדהייט אין דיין וייטען וועג,
אין פינסטערניש פארשווינדען דיינע גרויע טעג,
נאָר אינגער, רייצענדער און ליעבער ווערען יענע לידער.
און גוט איז צו דערמאָהנען זיך אָן זיי,
ווען ס'פאַלט דער ערשטער שניי.

## ניו יאָרק

אַ, ערשטע, וואונדערליכסטע צווישען שטעדט!
דו הערשסט מיט דיינע באַהנען און פאַבריקען
און מויערען, טונעלען, שיפען, בריקען,
דיין אָטעם — דאַמף און עלעקטריציטעט.

דו ציהסט און ציהסט צו זיך ווי א מאַגנעט,
און זויגסט ווי א וואַמפיר מיט דיינע בליקען.
בלייך ווי דיין הימעל, פליסט פארביי פאַבריקען
און מויערען דיין האָדסאָן אין זיין בעט.

ווי וואונדערליך דיין צויבער און באַרוישונג!
ווי בלינד דיין טאָג אויף דיין שטאָל־האַרטער ברוסט!
ווי העל דיין נאַכט! ווי אונגעצוימט דיין לוסט!

ווי טיף דיין תהום פון טרויער און ענטוישונג!
ווי שעהן דיין הערבסט, ווען הויך און פאַרבענרייך
די פּאַליסאַדען דרימלען אויף דיין טייך!

## דאָס ליעד פון טויט

קומט אַלע טרייסטלאָזע צו מיר —
איך וועל ערלייזען אייך.
פאַראורטיילטע, געקרייציגטע —
איך וועל ערלייזען אייך.
קומט, ווער ס׳וואַלגערט זיך אין שטויב,
קומט, ווער בלינד איז, שטום און טויב.
כ׳בין דער סוף, פון אַלץ דער סוף.
כ׳ברענג פאַרגעסענהייט און שלאָף.
צווישען זינגער און באַזיגטען,
און פאַרלירער און באַגליקטען
ברענג איך מחילה, מאַך איך שלום
דורך אַ צויבערליכען חלום.
קומט אין מיינע אָרעמס, קומט:

ראָזענפֿעלד מאָריס
ראָלניק יוסף



# מאָריס ראָזענפעלד

## וואָלט וויטמאַן

אָ, דו, אין וועמעס שטאַרקער זינגער־ברוסט
עס האָבען זיך צוויי אָבגרונדען פאַראייניגט:
די טיפקייט פון פאַרקלערטען הימעל און
די שטיל פאַרוויגטע טיפקייט פון דער ערד;
אין וועמעס האַרץ עס האָט געשיינט די זון,
און די לבנה, וואו עס האָבען העל געגלאַנצט
די שטערען, גאַנצע וועלטען אָהן אַ צאָל,
אין וועמעס האַרץ עס האָט געגרינט דער מאַי
און וואו דעם דונערס ברום האָט זיך צומישט
מיט דעם געטשוויטשער פון דער נאַכטיגאַל;
אין וועמעס וואונדער שטאַרקען ליעד מען פיהלט
די אַלמאַכט און די קראַפט פון דער נאַטור,
פראָפעט, אונשטערבליכער, איך גיב דיר לויב,
איך פאַל אין שטויב איצט פאַר דיין שטויב און זינג.

## פון ישעיה

ווערט שטאַרק, איהר שוואַכע הענד, איהר מידע גלידער!
איהר קניען שטרויכלענדע, ווערט קרעפטיג ווידער!
זעהט, אייער גאָט! ער קומט, ער טרעט דורך וועלטען,
זיך רעכענען, אייך העלפען און פאַרגעלטען.
אַ, דאַמאָלט וועלען עפענען זיך אויגען,
וואָס זיינען יאָהרענלאַנג געווען פאַרצויגען,
און די פאַרשטאָפּטע אויערען אָפען ווערען;
די בלינדע וועלען זעהן, די טויבע הערען.
דער לאַמער, ווי אַ הירש וועט דאַמאָלס שפּרינגען,
דער צונג פון שטומען, זיסע לידער זינגען.
און קוואַלען אין די וויסטע טריקענישען.
און קוואַלען אין די וויסטע טריקענישען.

## זונענליכט און לערכע קלאַנג.

זונענליכט און לערכע־קלאַנג
פאַלען פון דער הויך צוזאַמען,
עס צוגיסען זיך אין פלאַמען
שטראַהל און פריהלינג און געזאַנג.

גאָלד און טרעלען טונקען איין
אין אַ וואונדער־ים פון כשוף
דעם באַבלומטען פלאַנצען־ישוב,
און עס שמעקען מירט און וויין.

# אין זיין האַנד

בעקימערט און צוטראָגען בלייב איך שטעהן,
וואו אלע וועגען טיילען זיך פאַנאַנדער
פון אויבען הער איך שרייט אַ שטימע: „וואַנדער!“
דאַך, גרויסער גאָט, איך וויים ניט וואו צו געהן!

עס קלאַפּט דאָס הארץ פאַר אויפרעגונג און שרעק,
פאַר גרויל און צווייפעל געהן אוים די קרעפטען,
די מידע פים צום קאַלטען באָדען העפטען,
נאָר די געדאַנקען שוועבען ווייט אַוועק.

איך פאָלג דיך, מיין געביטער און מיין האַר:
איך געה, וויל איך קען לענגער שטעהן ניט בלייבען,
דו וועסט געווים מיך ניט אין אונגליק טרייבען,
ניט לענקען מיינע טריט מיר צו געפאַהר.

# יוסף ראָלניק

## אין ביבליאָטעק

א בוך אין האַנט; פון ראַדיאַטאָר
דער דאַמף־הויך אויף די ברעמען ליגט;
א לייכטער טראָב פון גאָט דערטראָגט זיך;
עס שלעפערט מיך; בין האַלב פאַרוויגט.

עס שלעפערט מיך. ווי דורך א לייווענט
איינטאָניג טריפען ווערטער, רייד —
א בחור חזר'ט די „גראַמאַטיק"
און זשומט פאַר זיך אַלץ שטילערהייט.

עס שלעפערט מיך. אַן אָפּגעצעהרטע
פון פענסטער קוקט אַריין די גאַס.
די קינדער'ס גרילצענדע געשרייען
פאַרנעבלען זיך, אַזוי ווייך, אַזוי בלאַס.

און האַלבע טענער, בלייכע פאַרבען
פאַרוויקלען מיך אין טרוים און רויך.
א בוך אין האַנט; די קולות שטאַרבען,
אַזוי ווייט, אַזוי נעבעלדיג, אַזוי ווייך...

## דער עקאָנאָם.

אויפ'ן הינטער־הויף — דער עקאָנאָם
מיט אויגען אויפגעפלאַמט און גרויס
און ציטערדיגע קני, שטעהט אָנגעבויגען
צו אַ מעקלערינס צושפּרייטען שויס.

ער אָטעמט אָבגעהאַקט; ער גיט
אַ קניפּ דער מיידעל אין אַ ווייכען אָרט
און זאָגט אַ צווייטער, גאָר ניט נאָך זיין ווירדע,
אַן אומגעלומפּערטען פאַרשייטען וואָרט.

און צו דער ווייטער, בלויער סקירדע
גיט זיך זיין האַרץ אַ בויג, אַ ריס...
די שיקסעס לאַכען זיצענדיגע
מיט ברייט צושפּרייטע פיס.

## דער לעצטער פערדינאַנד

פערדינאַנד, דער לעצטער הערשער,
קעניג איז — ביים טיטעל נור,
אַלע אוצרות אויסגעלעדיגט,
פון זיין חיל — מעהר קיין שפּור.

און דערווייל פון אַלע זייטען
רייסען שכנים זיך צום קריג.
יונגע פעלקער — שאַנד און חרפּה —
ס'גלוסט זיך זיי אַ לייכטער זיג.

און זיי רוקען אָפּ דעם גרענעץ,
רייסען פּאַסען פון זיין לאַנד. —
אין זיין שלאָפצימער, דער קעניג
שטעהט און מאָהלט וואָס אויף דער וואַנד.

אויף די בלייכע ווענט פון חדר
שטעלט ער גאַנצע מחנות אויס;
קיראַסירען און הוזאַרען
רייטען פאָלקען־ווייז פאַראויס.

הינטער זיי א וועלט פון שפּיזען
אין דער ברייטער ווייטקייט בליצט, —
דאָס רוקט זיך די אינפאַנטעריע
פון קאַנאָנען־חיל געשיצט.

זעכציג גענעראַלען ציהען
מיט דעם חיל אין דער שלאַכט.
איבער אַלע שטעהט דער קעניג
פערדינאַנד — די העכסטע מאַכט...

וואונדערבאַרע פּאָזיציאָנען
שאַפט ער אין איין אויגענבליק;
און דער שונא איז צושלאָגען,
און דאָס לאַנד איז פריי צוריק.

נאָך דער שלאַכט צעהלט ער די העלדען...
עס פאַרדריסט איהר נאָר: צופיעל...
און די לעבעדיגע געבען
הייסט ער גאָלד און זילבער פיעל.

רופט איין אלטען גענעראַל צו,
רייכט איהם קעניגליך די האַנד;
טוט א צווייטען אָן אַן אָרדען,
„אננא״ אויף א רויטען באַנד.

הונדערט נייע שטעדט און לענדער
ברענגען צינזען צו זיין טראָן;
פאַר די אַלטע און אלמנות
וועט דערפון געהן א פענסיאָן.

נאָר אזוי ווי שטעדט און פאָלקען
איז געמאָהלעכץ אויף די וועגט,
מוז ער זיך אַליין באדאנקען,
דריקען זיך אליין די הענט.

* * *

נאַכט־אין־נאַכט אזוי כסדר,
יאָהרען לאַנגע נאָכאַנאַנד,
פיהרט צום קריג און זיג די מחנות
ער, דער לעצטער פערדינאַנד.

און ער ווייס ניט, אז פארטיליגט
איז אַלץ, ביז דער לעצטער מויז;
אז זיין קעניגליכער טורעם
איז א משוגעים־הויז.

## דעם צדיק׳ס וועגען זיינען זיכער...

דעם צדיק׳ס וועגען זיינען זיכער,
דער רשע שטרויכעלט נאָכאַנאַנד:
ווי וועלען, אונטער איהם זיך וויגען
די בערגלעך און דאָס פלאַכע לאַנד.

דעם צדיק׳ס שלאָף פארגעהט אין פרידען,
נאָר פול מיט שרעק דעם רשע׳ס נאַכט:
ביים בעט צועפענט זיך אַן אַבגרונד:
ער ליגט די גאַנצע נאַכט און וואַכט...

און וואָס ער טהוט און ווי ער האַנדעלט,
איהם דוכט זיך אַלץ: ער האָט געגרייזט;
דעם צדיק׳ס טראָט איז פעסט און זיכער —
ביים זייט א גוטער מלאך שפּרייזט.

## אַ שליח וועט היינט צו דיר קומען...

אַ שליח וועט היינט צו דיר קומען,
דאָס האָב איך געשיקט איהם צו דיר;
ער ברענגט דיר אַ זאַק מיט מתנות, —
פאררינעל פאר איהם ניט די טיר.

ער ברענגט דיר אַ זאַק מיט מתנות, —
איך האָב זיי געזאַמעלט, געהיט;
ער וועט צו די פיס זיי דיר לייגען, —
פארשעהם מיין שליח כאָטש ניט.

## די סומע פון ליידען...

די סומע פון ליידען איז גרעסער
איידער די סומע פון גליק, —
אזוי האָט געזאָגט אַ פילאָסאָף
מיט יאָהרען און יאָהרען צוריק.

די כוואַליעס פון ליידען פארשווענקען
דעם קינדערשען אינזעל פון גליק;
פון אייניקעל ביז צו דעם זיידען
ציהט זיך פון ליידען אַ בריק.

די סומע פון ליידען איז גרעסער
איידער די סומע פון גליק;
די כוואַליעס פון ליידען פאַרשלינגען
דעם קינדערשען אינזעל פון גליק.

## דער תנא זאָגט...

דער תנא זאָגט: דער טאָג איז קורץ,
דער מדבר האָט קיין ברעג,
און ווי דו זאָלסט ניט שפּרייזען שנעל —
וועסט שטאַרבען אויפ׳ן וועג.

און בלייבען וועט די שעהנע שטאָדט,
וואָס גלאַנצט אין ווייטען רוים
פאַר דיר נאָר אַ פאַרפיהרעניש,
אַ ליגנערישער טרוים.

## קרעשטשעניע.

טירען שרעקענדיג געשלאָסען,
פענסטער בלינד פארהאַנגען;
שטילע טריט און פרומע מינעס, —
הייליגע געזאַנגען.

לאַנגזאַם האָט זיך די פּראָצעסיע
דורך דער גאַס געצויגען;
הענד פארלייגטע אויף די הערצער,
קעפּ אראָבגעבויגען.

טריט ביי טריט איז די פּראָצעסיע
ביז דעם טייך געגאַנגען.
ווייסער שניי און דאַרע בוימלעך, —
הייליגע געזאַנגען.

ס'זינגט דער גלח, די דיאַקאָנען,
ס'טוט דאָס פאָלק זיך קניען.
פּלוציב האָט וואַסער אויסגעשאָסען —
ווייסע טויבען פליהען.

ווייסער שניי און ווייסע טענער —
אונשולד־ווייסע טויבען.
מענשען שטעהען שטיל באַצויבערט :—
אונשולד־ווייסער גלויבען...

## וואָס איך האָב לאַנגע נעכט געטראַכט.

וואָס איך האָב לאַנגע נעכט גערופען
און מידע טעג ארומגעזוכט —
הענגט איבער מיר. — עס בויגט דעם צווייגעל
די צייטיגע, די רייפע פרוכט.

זי וויגט זיך שווער. א קליינער ווינטעל
וועטווארפען זי צו מיינע פיס.
דאָך הענגען מיינע הענד פארגליווערט;
וואָס פאַלט אליין, דאָס איז ניט זיס.

און ווייטער מיינע אויגען זוכען
דורך מידע, זונענדיגע טעג.
וואָס איך וועל אין די טעג טון רופען —
ניט שיק מיר צו, גאָט, אויף מיין וועג.

## אַ שוואַרצע נאַכט.

א שווארצע נאכט. דער זייגער ווייזט
די צוועלפטע שעה, די האלבע נאכט.
איך ליג אין בעט, אין האַנד א בוך;
ביים בעט א טישעל מיט א לאָמפּ.
צופוסענס ליגט די גרויע קאַץ.
די גרויע קאַץ, זי איז שוין אלט
אזוי ווי איך און אפשר מעהר.
זי איז מיין פריינד, זי עסט פון האנד
און דרעמעלט איין אפט אויף מיין שויס.

און אויף דער נאַכט, ווען ס'פינסטערט זיך,
זוכט זי פאר'גנב'ט אויף מיין בעט
און לייגט צופוסענס זיך אוועק
ביי מיינע פיס און וואַרעמט זיי.
מיין פוס־זויל פיהלט, ווי ס'בלאָזט זיך אויף
איהר קליינעם קעציש קערפּערל
און פאַלט צוריק צונויף: מיר ווערט
אי גוט, אי אונהיימליך אזוי...

## ווייס איז די ערד...

ווייס איז די ערד און געפרוירן,
עס ציהט זיך דער וועג ווי א שנור,
און איינציגער פלעק אויף דער ווייסקייט:
פאר וויאַרסטען ווייט פויזעט א פוהר.

בלוי איז די לופט און דער הימעל;
און איינציגער פלעק אויף דאָס בלוי:
פון שניי האָט זיך פּלוצים דערהויבען
אין לופטען א גרוי־שוואַרצע קראָה.

שטיל דער פארפראָנער טייך איז,
און שטיל איז אויף בארג און אויף טאָל;
פון נאָהענטען דערפעל דערהערט זיך:
א מאַן שילט דאָס ווייב אויפ'ן קול.

# פון דער סעריע „אַרום מיהל"

.1

## אַ קלאָרער טאָג.

אַ קלאָרער טאָג. אין זונען־שיין
די קלויסטער־צלמים גלאַנצען;
און זונען־פלעקען אויף די ווענד,
די ווייס־געפאַרבטע, טאַנצען.

עס קלאַפּען רעדער, הירזשען פערד,
עס קומען פוהרען, וועגען;
דער פויער פיהרט אין שטאָדט אריין
זיין אָפּגעשפּאָרט פאַרמעגען.

זיי פיהרען קעלבער, היהנער, היי
און תבואה צו פאַרקויפען;
די שטאָדט־לייט וואַרטען שוין אויף זיי
ביי טירען און ביי הויפען.

.2

## ביי יעדען טויער שטעהט אַ וואָג..

ביי יעדען טויער שטעהט אַ וואָג,
ביי יעדער וואָג — דריי אידען;
דער ערשטער כאַפּט דאָס פערד ביים צוים
און שלעפּט צו זיך צופרידען.

דער צווייטער עפּענט אויף דעם זאַק
און פּרואווט אַ ווייץ ציקייען;
דער דריטער לויפט צום שטאָרט־נגיד
אַ גמלת־חסד לייען.

די ווייבער האַנדלען אויך ניט שלעכט;
זיי קויפען וואָלוועל, טייער,
געקויפט האָט ווער אַ הוהן אויף שמאַלץ
און ווער אַ הוהן אויף אייער.

.3

## און לאַנג האָט זיך...

און לאַנג האָט זיך דער וועגען־צוג
און אָהן אַ שיעור געצויגען.
דער הימעל היינגט אי ווייט אי ברייט;
עס בלענדט די זון די אויגען.

ער פיהרט אַ גוי אַ שוואַרצע רינד
ביים וואָגען אויף אַ שטריקעל.
אַ מעקלער קומט און שטעלט איהם אָפּ:
„וואָס ווילסטו פאַר'ן שטיקעל?"

ער טאַפּט די ראָזא אייטער אוים
און פרעגט איהם: „וויפיעל יאָהרען?"
„צעהל איבער" — ענטפערט אָב דער גוי —
„די קאַרבען אויפ'ן האָרן".

# אין רעסטאָראַן

ס'איז גוט אין רעסטאָראַן צו זיצען
אַ שבת־נאַכט וואו ביי אַ וואַנד,
אַ פרעמדער ביי אַ לעצטען טישעל,
די ניט דערטרונק'נע גלאָז אין האַנד.

עס קלינגען גלעזער, גאָפּעל, מעסער,
עס קלינגט די טיר, דער רעגיסטער;
דער קעלנער אָנגעטון אין ווייסען,
מיט לייכטע טריט איילט הין און הער.

און מענשען געהען, מענשען קומען,
די גאַס־טיר קלינגעלט נאָכאַנאַנד;
און טישלעך ווערען פול און ליידיג, —
אָט קלייבט פון טיש צונויף אַ האַנד.

אַ מיידעל שטעלט זיך אויף צום שפּיגעל
באַטראַכט אַ ווײַלע איהר געזיכט.
און אַלץ פּאַסירט ווי אין אַ חלום
פאַרשלייערט, מילד און אומגעריכט.

די טיר שפּרינגט אויף, עס קומט צופלייצען
אַ קאַלטע כוואַליע פון דער גאַס;
אַ איד ברענגט צייטונגען אַ פּעקעל,
די ווערטער ערשט פון דרוק, נאָך נאַס.

עס פלאַטערען די נייע בויגענס
אַ סענט פאַלט הילכיג אויף דער ערד.

און ביי אַ דריטען טישעל — איינער
רעדט עפּעס אויפגערעגט און שווערט.

אַ בחור קומט צו צו מיין טישעל
און זעצט זיך ברייטלעך ביי מיין זייט;
דערצעהלט: עס גרינדעט זיך אַ צייטונג.
מיין קאָפּ איז טויזענט מיילען ווייט: --

איך זעה אַ מיהל. אַ פולע גוים;
צוויי שטיינער מאָהלען מעהל אויף ברויט;
אַ שורה אויפגעלייזטע זעקלעך;
ס'האַלט יעדער גוי זיין זאַק געגרייט.

דער טאַטע געהט פאַראויס. דער מילנער
נעהט הינטען מיט אַ מעסטעל נאָך
און נעהמט פון יעדען זעקעל „מעסטעל" —
אַ גוטער אנהויב אויף דער וואָך.

## דאָס לעבען קלאַפּט אין פויקען...

דאָס לעבען קלאַפּט אין פויקען,
דער טויט, ער פליסטערט שטיל;
דאָך ווען ס'לאַדט דער טויט איין,
דער געהט און טראַכט ניט פיעל;

דער לאָזט די טענץ און לאַמפּען
און פולע בעכער שטעהן,
און שווייגענדיג זיך זעגענט:
מען מוז, מען מוז דאָך געהן...

## מיינע ים׳ען זיינען שטילע...

מיינע ים׳ען זיינען שטילע,
מיינע שיפען געהען ווייט;
מיינע שיפען וועלען קומען
אין דער רעכטער צייט.

גאָט פיהרט זיי אויף שטילע וועגען —
גאָט ווייסט דאָך די וועגען גוט:—
וואס־זשע האב איך זיך צו זאָרגען,
ס׳וועט שוין אלץ זיין גוט

## פאַר אייך...

פאַר אייך די פופציג עהרען־לויפער,
דער ניט פערדינטער, הויכער לויב;
פאַר אייך די בלומען־ווייכע וועגען;
פאַר מיר — דער זאמדיג וועג, דער שטויב.

פאַר אייך די גרוימיגע חדרים,
מיט טישען, בעטען רייך געגרייט;
פאַר מיר — מיט בלוט באשפּריצטע ליעדער,
פאַר מיר — א הינטער פּארקאַן טויט.

פאַר אייך א לאַנגע קייט פון יאָהרען
און וואוילטאָג און צופרידענהייט;
פאַר מיר מיט בלוט באשפּריצטע ליעדער;
פאַר מיר — ווער ווייס... די אייביגקייט.

## איך געה אין וועג...

איך געה אין וועג. אין מיינע אויגען
קוועלט אַז אַ טרער באַלד נאָך אַ טרער,
דער זאַמד אויף מיינע פּיס איז שווער.
עס הענגט מיין קאָפּ אַראָבגעבויגען.

עס שיינט די זון; די לופט איז טרוקען,
נאָר פּייכט דער זאַמד אויף מיינע פּיס.
מיר איז אי טרויעריג, אי זיס...
און נאָכאַנאַנד די אַקסלען צוקען...

# י. י. שווארץ

## א שטילע פרייד ליגט...

א שטילע פרייד ליגט גאָלדיג אויף די פעלדער —
די טעג זיי זיינען אזוי זוניג־ליכטיג.
פארנאכטען — פורפורנע מיט טיפע הימלען —
די אלטע פארם־הייזלעך אזוי ציכטיג.

אין נארבען גאָלדנע טריקענט זיך די שפע
פון נייע פרישע שמעקענדיגע ברויטען.
עס טריקענען אין זון די געלע קירבעס,
און שווארצע טרויבען קרויזלען זיך אויף פלויטען.

די רויטע ווינטער־עפּעל אויף די בוימער
זיי לויכטען פריש־באַהויכט דער זון אנטקעגען.
און ס'ציהען זיך, פארדעקט מיט ברוינע בלעטער,
די אלטע, רויטע, גרין־פארנראַזטע וועגען.

עס הויכט מיט פרישען ברויט, מיט וויין און עפּעל
און טרויריג־היימליך אלטע בוימער זשומען.
און ס'האָבען גאָלדיגע און שטילע פריידען
מיין טרויעריגעס הארץ ארומגענומען.

## אין אַנהויב זיינען זיי געוועזען...

אין אַנהויב זיינען זיי געוועזען ליטער, ווייס,
די רונדע שניי־קוגלען וואָס אויפ'ן קוסט —
ווי ס'זיינען ווייס און רונד די ברוסטען פון דעם מיידעל,
וואָס האָט פון זינד נאָך קיינמאָל ניט געוואוסט.

דערנאָך, אין אויגוסט, זיינען זיי געוואָרען ראָז —
די זון האָט היים געקושט זיי מיט איהר ליכט —
ווי עס איז ראָזיג אין דער ערשטער ליעבע
דאָס קלאָרע, צאַרטע מיידעלשע געזיכט.

און איצטער שטעהען זיי אין גאַנצען דונקעל־ברוין,
און טרוימען ווייטער נאָך פון ווייס און ראָז;
זיי וויגען שטיל אין שטילען ליכט די ברוינע קעפּ
אַראָבגעלאָזען שווער צום געלען גראָז.

## די קינדער זיינען אַנגעלאָפען...

די קינדער זיינען אַנגעלאָפען פון דער גאַס
מיט פייכטע לאָקען און צובליצטע אויגען;
מיט זיי צוזאַמען איז אַ גרויסע ליעבע פרייד
פון דרויסען אינ'ם צימער אַנגעפלויגען.

די בעקלעך גליהען ווי די עפּעל קאַלט און רויט,
די שטאָלענע און בלאַנקע גליטשער קלינגען.
געשווינדע פיסלעך טראַמפּלען אויפ'ן דיל,
איין קול'כעל וויל דאָס צווייטע איבערזינגען.

עס שלאגט מיט שטראמען לעבען יונג און פריש —
אט האבען זיי ארומגעכאפט דער מאמען;
איין קעפעל טוליעט זיך צום צווייטען ווי א קראנץ,
און אלע ריידען, פלוידערען צוזאמען.

## אקטאבער

לעצטע ליכטיגע פריהמארגענס פון אבשטארבענדען זומער...
ס'איז שטיל און קלאר ארום און שטיל און קלאר איז אויפ'ן הארצען
עס אטעמט איין די ברוסט דעם פרישען קאלטען ריח
פון שווארצער ערד, וואס איז מיט פערלען־טוי באשאטען —
דעם ריח פון צופוילטען געלען גראז און בוימער־פייכטקייט.
עס זינקען טיף די פיס אין קופער־רויטע, בראנזען־ברוינע בלעטער,
וואס רוישען שטיל און זאנפט צו ריטם פון דיין פוס־טראט.
און קרומע, בלאסע שטראלען גלאנצען אויף די שטילע בלעטער,
און פוילע בלעטער פלאטערען און ציטערען אין לופטען —
און פאלען אויף דיין קאפ, אויף דיינע שולטערען...

עס היינגט די זון דא ערגעץ וואו אין וואלד צווישען בוימער,
פארהילט אין מאטע, ווייסע, נעבעלדיגע וואלקען.
און קרומע, בלאסע שטראהלען גלאנצען אויף די שטילע בלעטער,
פאררויטלען מעהר די שפיצען פון די רויט־געפלעקטע בוימער;
בעראזען העל די יינגלעך זשוראווינעס, ווי קאראלען,
בעזעצט מיט טראפענס פערלען פון באגינען־טוי.

לעצטע ליכטיגע פריהמארגענס פון אבשטארבענדען זומער...
ס'איז שטיל און גוט. ס'איז גוט צו געהן אליין אין וועלדער.
דער וועהטאג אין דיין הארץ ווערט שטילער, זאנפטער, דורכזיכ־
ווי דער פארבלאסטער שטראל, וואס פאלט אויף די פארוועלק־
בלעטע

## אויפ'ן זילבערנעם שניי

אויפ'ן זילבערנעם שניי פונ'ם פארק
פאלט א שטראהליגער גרין־בלויער גלאנץ:
יעדער בוים מיט זיין שאטען ביים זייט,
יעדער צווייג איז פון בלומען א קראנץ.

אויפ'ן זילבערנעם פארק שלאפט די נאכט,
שוועבט איהר רוהיגער אטעם אין לופט.
קלינגען שטילע א צווייג אן א צווייג,
ציהט פון סאסניגע נאדלען דער דופט.

אין דער זילבערנער שטילקייט פון פארק
הערט זיך נאר ווי עס פלאצט וואו דער אייז.
צווייג און בוים, נאכט און קלאנג און פערלאנג
שטעהען שטילע פערגליווערט אין ווייס.

## די בלומען דופטען אזוי פריש

די בלומען דופטען אזוי פריש אין צימער
און בויגען זיך פון דער קריסטאלענער וואזע:
אזעלכע פרישע, לעבעדיגע, רויטע,
און ווייסע, סאמעטענע, בלאסע.

אין גאס איז ווינטער: ס'שיט דער שניי,
פערדעקט מיט זילבער אלץ אין בלויען שימער:
עס שמעקט מיט שניי, מיט ערשטען שניי מיט פרישען, —
און דא איז אזוי ווארעם, ליעב אין צימער.

עס וויגען זיך פּאַמעליך די גאַרדינען,
עס וויגען זיך די שטייפע פרישע בלומען,
און זעה, אויף דיינע ווייסע באַקען זיינען
צוויי בליהענדיגע בלומען אויפגעקומען...

# פֿראַדעל שטאַק

## דו טראַגסט דאַס האַרץ

דו טראַגסט דאַס האַרץ אין דיינע שטילע אויגען
באַשטענדיג אום — אַז זאַלסט דערמאָנען מיך
אַן מיינע שווערע זינד, וואַס שטראַפען דיך,
און האַבען שוין דיין שטאַלצען קאַפּ געבויגען.

צי בין איך ווערט דען דיינע שטילע אויגען ?
מיין זעעל איז אַזוי הונגעריג נאַך זינד,
און ס'וועט נישט איינער נאַך ווי דו אַציטר,
ארומגעהן מיט'ן קאַפּ אראַבגעבויגען. —

און דו וועסט טיף אין דיר דעם צער באַהאַלטען
און שווייגען שטיל, און איידעל זיין און גוט,
ביז ער וועט אויסטרינקען דיר ס'גאַנצע בלוט.

און נעמען וועלקען אינ'ם האַרצען דעם קאַלטען. —
דו „איוב" מיט'ן קאַפּ אראַבגעבויגען,
צי בין איך ווערט דען דיינע שטילע אויגען ? —

# אינהאלט

זייט

